# די אינטערנעשאָנאַל
# און די
# נאָדל-אַרבעטער

פון **אברהם יודין**



ארויסגעגעבן פון דעם
טרעיד יוניאָן קאָמיטעט פון דער „מאָרגן פרייהייט"

**פרייז — 10 סענט**

די אינטערנעשאָנאַל און די נאָדל־אַרבעטער

פון אברהם יודין

# I.L.G.W.U.
# and the
# NEEDLE TRADES WORKERS

***by Abraham Yudin***

Published by the: "Morning Freiheit"
Trade Union Committee
35 East 12the Street
New York 3, N. Y.

# צו די לייענער

מיר ברענגען אייך אַ בראָשור, וואָס איז, לויט אונזער איבערצייגונג, וויכ־טיג מיט איר אינהאַלט, און צייטיג מיט די פראַגן וואָס ווערן דאָ באַהאַנדלט.

דער שרייבער, אברהם יודין, איז דער לעיבאָר־עדיטאָר פון דער „מאָרגן פרייהייט". ער ספּעציאַליזירט זיך אין אַרבעטער־פראַגן שוין אַ סך יאָרן. ער איז באַזונדערס אויסגעבונדן מיט די טאָג־טעגלעכע פּראָבלעמען פון די נאָדל־אַרבעטער און מיט דעם צושטאַנד פון זייערע יוניאָנס.

אברהם יודין איז געווען דער קאָרעספּאָנדענט פון דער „מאָרגן פרייהייט" ביי דער 32טער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל לעידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן פון דעם 12טן ביז דעם 21טן מאַי 1965, אין מיאַמי ביטש, פלאָרידאַ. זיינע נייעס־באַריכטן און בריוו פון דער קאָנווענשאָן האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער רעאַלקייט, קלאָר־קייט און זאַכלעכקייט. אַזוי זיינען זיי אָפּגעשאַצט געוואָרן ניט בלויז פון „מאָרגן פרייהייט" לייענער, נאָר דורך נאָדל־אַרבעטער פון פאַרשיידענע ריכטונגען.

אין דער בראָשור וועט איר געפינען אַ זאַמלונג פון אברהם יודינ'ס קאָ־רעספּאָנדענצן, וועלכע גיבן אַ טיפן אַריינבליק אין דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל און רירן אָן די ברענענדיגע באַדערפענישן פון די נאָדל־אַרבעטער אין דער איצטיגער צייט. מיר גלויבן, אַז די בראָשור שפּיגלט אָפּ די שטרעבונגען פון אַלע נאָדל־אַרבעטער, אָן אויסנאַם, צו בעסערע באַדינ־גונגען און צו אַ יוניאָן וואָס זאָל דינען זייערע אינטערעסן.

מיר ווילן דערביי דערמאָנען, אַז די „מאָרגן פרייהייט" דרוקט רעגל־מעסיג אַרבעטער־נייעס און אַרטיקלען וואָס שפּיגלען אָפּ דאָס לעבן אין די שעפּער און די יוניאָנס. יעדן סוף־וואָך דרוקט די „מאָרגן פרייהייט" אַ ספּע־ציעלע זייט, געווידמעט דער אַרבעטער־באַוועגונג. די „מאָרגן פרייהייט" איז אַן אָפענע פּלאַטפאָרמע פאַר אַרבעטער פון אַלע ריכטונגען.

**טרעיד־יוניאָן קאָמיטעט פון דער „מאָרגן פרייהייט"**

**אברהם וויים**, פאָרזיצער

**משה אויצער**, וויצע פאָרזיצער

**אברהם קאַלב**, סעקרעטאַר

# די רעדע פון דוד דובינסקי

די קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל לעדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין מיאַמי ביטש, פון דעם 12טן ביז דעם 21טן מאַי, איז פון די יוניאָן־פירער באַצייכנט געוואָרן, ווי אַ יובילײ־קאָנווענשאָן.

אין זיין דערעפענונגס־רעדע האָט דוד דובינסקי, פּרעזידענט פון דער א. ל. ג. וו. י., פייערלעך דערקלערט, אַז ער פילט זיך זייער גליקלעך, וואָס ער האָט דערלעבט צו זיין דער פּאָרזיצער ביי אַ קאָנווענשאָן, וואָס איז געווידמעט דעם 65טן יובילײ זינט די אינטערנעשאָנאַל איז געקומען צום לעבן.

זינט 1900, האָט ער געזאָגט, האָט די יוניאָן דורכגעמאַכט שבעה מדורי גהינום. ער האָט דערמאָנט דעם היסטאָרישן ווייסטמאַכער סטרייק פון 1909; דעם מיליטאַנטישן סטרייק פון די קלאָוקמאַכער אין 1910 און די צאָלרייכע קאַמפן וואו די אַרבעטער האָבן זיך מוסר נפש געווען און געבראַכט שווערע קרבנות, כדי פּטור צו ווערן פון דער סוועט־שאַפּ־עפּאָכע, וואו מען האָט געאַרבעט פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג און וואו די אַרבעט־באַדינגונגען האָבן זיך פּשוט געגרעניצט מיט שקלאַפעריי.

דובינסקי האָט אויך גערעדט וועגן דעם, ווי אַזוי די רעאַקציאָנערן פון יענער צייט האָבן די קעמפער, די גרונט־לייגער פון דער יוניאָן אָנגערופן „אַנאַרכיסטן", „סאָציאַליסטן" און „טראָבל־מאַכער". אין יענער צייט, האָט ער געזאָגט, זיינען נאָך קיין קאָמוניסטן ניט געווען און דעם גאַנצן ענין האָט מען אַוועקגעלייגט ביי דער שוועל פון די, וואָס האָבן געוואַגט צו פאָדערן רעפאָרמען און ענדערונגען אין די שקלאַפערישע אַרבעט־באַדינגונגען.

שפּעטער, ווען עס איז אַנטשטאַנען דער באָלשעוויזם, האָט ער געזאָגט, האָט מען אַזעלכע ווי ער גערופן „באָלשעוויקעס", דערפאַר וואָס ער האָט אַגיטירט פאַר יוניאָניזם און פאַר סאָציאַלער גערעכטיגקייט.

זיין אויספיר איז געווען, אַז יעדעס מאָל, ווען אַרבעטער האָבן זיך באַנוצט מיט מיליטאַנטישקייט, כדי צו פאַרזיכערן זייער לאַגע, האָט מען זיי גערודפט און זיי אַריינגעשטעלט אין אַ קאַטעגאָריע פון ניט לאָיאַלע בירגער, וואָס דרייען אַ ספּאָדעק און זוכן זיך צרות...

דובינסקי האָט אין זיין שליסל־רעדע שטאַרק געלויבט דעם קאַמפס־גייסט פון די פּיאָנערן — די וואָס האָבן מיט זייער שוויס און בלוט געבויט די יוניאָן. ער האָט אויך אַ דראַמאַטישן שטייגער אָנגעוויזן, אַז אויב די יוניאָן איז דאָס וואָס זי איז היינט צו טאָג און אויב די אַרבעטער געניסן פון

דעם געץ בענעפיטן, איז עס צו פאַרדאַנקען דעם אידעאַליזם און די קרבנות־גרייטקייט פון די קעמפער אין 1909, 1910 און אין די אַנדערע היסטאָרישע סטרייקס.

אָבער דער זעלבער דובינסקי, וואָס האָט גערעדט מיט אַזויפיל דרך ארץ און פאַרהערלעכונג וועגן די בויער און גרינדער פון דער אינטערנעשאַנאַל, האָט אין דער זעלבער רעדע געוויזן אַ צווייטן פּנים פון דובינסקי׳ן, וואָס איז געווען ענלעך ווי צוויי טראָפּן וואַסער אויף בערי גאָלדוואָטער.

ווען דובינסקי איז אין זיין „קי־נאָוט ספּיטש" צוגעטראָטן באַהאַנדלען די אויסערן־פּאָליטיק פון דער דזשאָנסאָן־אַדמיניסטראַציע, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס רעדט ניקסאָן, איסטלענד און דער געוועזענער גענעראַל עד־יווין וואָקער.

קיין „בעסערן" הכשר אויף די מלחמה־אַקציעס אין וויעטנאַם און סאַנטאָ דאָמינגאָ, ווי דובינסקי האָט געגעבן, וואָלטן די גאָלדוואָטער׳ס ניט אונטער־געטראָגן.

פאַר די לייענער פון דער „מאָרגן פרייהייט" איז דובינסקי ניט קיין פּנים חדשות. אַז דער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאַנאַל רעדט אָפּט מיט דער שפּראַך פון רעאַקציע, איז ניט קיין נייעס. אָבער אַזוי מלחמה־העצעריש, אַזוי היסטעריש און אַזוי ברוטאַל־ציניש אַפּלאָדירן די באָמבאַרדירונגען אין וויעטנאַם, ווי דובינסקי האָט עס געטאָן, האָב איך אפילו ניט געהערט פון אַ דזשאָרדזש מיני, וואָס איז, ווי אַלע ווייסן, אַליין אויך אַ היפּשער מלחמה־צינדער.

איך ווייס ניט, צי דאָס איז געווען די היץ, צי די עלטער, אָבער דער מענטש האָט זיך דעררעדט צו אַזעלכע גרוילִיקע רייד, וואָס מען הערט בלויז פון אַזעלכע שונאים פון פאָלק, ווי דאָס זיינען די בוירטשערס און די אַלע אַנדערע, וואָס געהערן צו די אולטראַ־רעאַקציאָנערע באַנדעס אין לאַנד.

אין דער צייט ווען אָרנטלעכע מענטשן פון גאָר דער וועלט, אָפּגעזען פון שאַטירונג און ריכטונג, זיינען דערשיטערט פון די כסדר׳דיגע באָמבאַרדי־רונגען און זיינען אַלאַרמירט פון דעם, אַז דאָס קאָן פירן צו אַ מלחמה פון אַ וועלט־מאַסשטאַב, האָט דובינסקי, ניט געבנדיג אפילו קיין פּינטל מיט׳ן אויג, דערקלערט, אַז ער שטיצט אָן וועלכע עס איז רעזערוואַציעס די מלחמה־אַוואַנטיורע אין וויעטנאַם, דאָס שיקן פון די אַמעריקאַנער מאַרינען אין סאַנטאָ דאָמינגאָ און די אַלע אַנדערע מלחמה־אַקציעס, וואָס ווערן אונטער־גענומען, כדי צו באַשיצן, ווי ער האָט געזאָגט, די „פרייע וועלט".

ווי עס טוען דאָס די עדיטאָריעל־שרייבער אין דער ניו יאָרקער „דעילי ניוס", און אין הוירסט׳ס „דזשורנאַל־אַמעריקען", האָט דובינסקי ווידערהאָלט די אור־אַלטע בלבולים פון די מלחמה־צינדער, אַז מאָסקווע, פּעקין און האַוואַנאַ זיינען — הייסט עס, הינטער די אַלע רעוואָלוציעס און אויפשטאַנדן אין די לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע און אַזיע און אַז די אַלע מלחמה־שריט,

וואָס ווערן אונטערגענומען פון דער דזשאַנסאָן־אַדמיניסטראַציע זיינען דע־ריבער באַרעכטיגט.

אָבער ניט נאָר שטייט דובינסקי מיטביידע פיס אין דעם לאַגער פון די, וואָס כשר׳ן די באָמבאַרדירונגען אין וויעטנאַם, נאָר ער האָט געהאַט ביטערע טענות צו די אַלע פּראָפעסאָרן, צו די גייסטלעכע, צו די שרייבער און קינסט־לער, צו די סטודענטן און צו די אַלע, וואָס האָבן געגעבן זייערע חתימות אויף די אַנטי־מלחמה אַדווערטאַיזמענטס (רעקלאַמעס) אין דער „ניו יאָרק טאַימס״, צו די אַלע, וואָס באַטייליגן זיך אין שלום־דעמאָנסטראַציעס, — פאַרוואָס זיי זאָגן זיך אָפּ צו שטיצן די מלחמה־אַקציעס פון פּענטאַגאָן.

דובינסקי האָט די דאָזיגע מענטשן, וואָס האָבן שלאָפלאָזע נעכט צוליב די הריגות און רציחות אין וויעטנאַם און סאַנטאָ דאָמינגאָ באַצייכנט אַלס „אַזוי גערופענע ליבעראַלן״, וואָס באַגרייפן ניט, הייסט עס, די „געפאַר פון קאָמוניזם״ און זאָגן זיך אָפּ צו שטיצן די פּאָליסיס פון זייער רעגירונג. אַלץ וואָס עס האָט נאָך געפעלט איז, אַז ער זאָל זיי באַשולדיגן אין זיין „שונאים צום לאַנד״, ווי ער האָט עס געטאָן בנוגע די לינקע אין דער א. ל. ג. וו. י.

בשעת דובינסקי האָט מיט אַזאַ פייער געפּאָכעט מיט דער שווערד און מיט גרויס בראַוואַדאָ אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט די מלחמה־געפאַר, וואָס לויערט אויף דער מענטשהייט, איז ביים פּרעסע־טיש געזעסן לאָווסטאָון און האָט זיך געשמאָלצן פון נחת. איינער פון די ציטונגס־לייט האָט מיר שפּע־טער געזאָגט, אַז לויט זיין מיינונג איז לאָווסטאָון פּאַקטיש געווען דער מחבר פון דובינסקי׳ס „ספּיטש״. אָבער צי לאָווסטאָון איז געווען דער, וואָס האָט דובינסקי׳ן צוגעשטעלט די מלחמה־העצערישע רעדע, איז ניט וויכטיג. דער פאַקט איז, אַז דובינסקי איז געווען דער, וואָס האָט געוואַגט אין נאָמען פון די העכער פיר הונדערט טויזנט מיטגלידער צו באַגריסן די מלחמה־אַקציעס פון פּענטאַגאָן.

אין פאַרבינדונג מיט דעם, איז אויך כדאי איבערצוגעבן, אַז דובינסקי האָט זיך שטאַרק געקאָכט געגן דעם שרייבער פון די שורות, ניט דערמאָ־נענדיג אים ביים נאָמען, פאַרוואָס ער האָט געוואַגט צו זאָגן, אַז דובינסקי האָט ניט די שטיצע פון די מיטגלידער, ווען ער שטיצט די מלחמה־אַקציעס פון פּענטאַגאָן.

ווי אויף צו להכעיס האָט דובינסקי געקלאַפּט אין שטענדער און גע־שריגן, אַז ווען ער שטיצט די באָמבאַרדירונגען אין וויעטנאַם האָט ער פאַר דעם די גוטהייסונג פון די מיטגלידער.

ווי שוין אָנגעוויזן אין אָנהויב פון דעם אַרטיקל, האָט דובינסקי גערעדט מיט אַ סך בענקשאַפט וועגן דעם אידעאַליזם פון די פּיאָנערן און ער האָט אויך ניט פאַרפעלט צו רעדן וועגן דעם, ווי וויכטיג עס איז צו געווינען די מלחמה געגן אָרעמקייט, ווי וויכטיג עס איז צו בויען נייע הייזער, וועגן, סקולס, שפּיטאָלן, אַ העכערן מינימום־לוין, איינפירן אַ קורצערע אַרבעטס־

וואָך, מאַכן אַ סוף צו דעם צושטאַנד אין לאַנד, וואו מיליאָנען מענטשן לעבן אין גרויס נויט.

אָבער דער זעלבער דובינסקי, וועלכער האָט גערעדט אַזוי שיין וועגן דער נויטווענדיקייט פון העלפן אָפּשאַפן אָרעמקייט, האָט ניט געפילט דעם גוואַלדיגן ווידערשפרוך, אַז מען קאָן ניט געווינען די מלחמה געגן אָרעמקייט, ווען מען שטיצט די כוחות, וואָס זיינען גרייט חרוב צו מאַכן די וועלט.

מען קאָן ניט מיט איין ווינקל פון מויל לויבן דעם אידעאַליזם פון די, וואָס האָבן זיך מקריב געווען אין די קאַמפן פאַר אַ בעסערן לעבן פון די אַרבעטער און פאָלקס־מאַסן — און זיך ניט געשראָקן וואָס מ׳האָט זיי גע־רופן „באָלשעוויקעס" — און מיטן צווייטן ווינקל פון מויל שטיצן אַ פּאָ־ליטיק, וואָס קאָן פירן צו אַטאָמישן וועלט־חורבן — אין נאָמען פון ראַטעווען די וועלט פון „קאָמוניזם", ס׳הייסט פון די „באָלשעוויקעס"...

אין ליכט פון דעם, וואָס דובינסקי האָט געזאָגט, זיינען אַלע רייד זיינע וועגן אָפּשאַפן אָרעמקייט פשוט אַ בלוטיגער חוזק. דובינסקי האָט מיט זיין מלחמה־העצערישער רעדע שענדלעך באַליידיגט די גרונט־לייגער פון דער יוניאָן און באַדעקט מיט שאַנד די יובילײ־קאָנווענשאָן פון דער א. ל. ג.וו. י.

אויף ווי ווייט דובינסקי איז דערגאַנגען מיט זיין אַנטי־קאָמוניסטישער משוגעת אין זיין רעדע, איז געווען זיין סקאַנדאַליעזער פאַרגלייך, אַז ברעזש־ניעוו, גאָמולקאַ און טיטאָ, זיינען ביי אים דאָס זעלבע, וואָס היטלער, מוסאָליני און טאָוזשאָ.

שוין דאָס אַליין, וואָס אַ אידישער יוניאָן־פירער קאָן זיך דערלויבן אַוועק־צושטעלן אויף איין מדרגה וואָרט־זאָגער פון סאָציאַליסטישע לענדער — וועלכע האָבן געראַטעוועט גרויסע מאַסן אידן — מיט די וואָס האָבן אומ־געבראַכט מיליאָנען אידן, אין די גאַז־קאַמערן, איז אַזוי הפקר׳דיג און שענדלעך, אַז עס כאַפּט פשוט אָן אַ גרויל. דאָס ווייזט וואָס דער קאַנסער פון אַנטי־קאָמוניזם טוט צו אַ מענטשן.

## פּאָטאָפּסקי׳ס צייטיגע וואָרנונג

מיט דריי יאָר צוריק, ביי דער לעצטער קאָנווענשאָן פון דער אינטער־נעשאָנאַל לעידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, וואָס איז אָפּגעהאַלטן גע־וואָרן אין אַטלאַנטיק סיטי, האָט דוד דובינסקי געהאַט צו מיר טענות פאַר־וואָס די „מאָרגן פרייהייט" איז ווייניגער קריטיש צו די פירער פון דער אַמאַלגאַמעיטעד קלאָדינג וואָירקערס יוניאָן, ווי צו די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל.

מיין ענטפער איז דאַן געווען, אַז ווען דובינסקי וועט ווען עס איז זאָגן עפּעס, וואָס וועט זיין אין די אינטערעסן פון די אַרבעטער און פאָלקס־

מאַסן, וועט די „מאָרגן פרייהייט" אים באַגריסן, ווי זי טוט עס יעדעס מאָל, ווען אַ יוניאָן־פירער טוט אַ גוטע זאַך.

איך זאָג עס אַנטקעגן דעם, וואָס טאַקע ביי דער איצטיגער אינטער־נעשאָנאַל־קאָנווענשאָן איז דזשעיקאָב פּאָטאָפּסקי, דער פּרעזידענט פון דער אַמאַלגאַמעיטעד קלאָדהינג וואָירקערס אָוו אַמעריקע, געווען איינער פון די געסט־רעדנער און דאָס וואָס ער האָט געזאָגט, איז ניט נאָר געווען אין גייסט פון דער צייט, נאָר ער האָט גערעדט ווי אַ יוניאָן פירער דאַרף ריידן ביי אַ יוניאָן־קאָנווענשאָן!

ווי איך האָב שוין אָנגעוויזן אין מיין פריערדיגן אַרטיקל, האָט דובינ־סקי אויסגענוצט די קאָנווענשאָן, כדי צו העלפן שאַפן מלחמה־היסטעריע און כדי צו ווייזן, ווי לאָיאַל ער איז צו דער דזשאָנסאָן־אַדמיניסטראַציע, אויף אַזוי פיל, אַז ער איז אפילו גרייט צו אַפּלאָדירן די מלחמה־אַקציעס פון פּענ־טאַגאָן.

נאָך דובינסקי׳ס גאָלדוואָטערישער רעדע איז די רעדע פון פּאָטאָפּסקי׳ן געווען, ווי אַ פרישער ווינט אין ברענענדיגן מדבר. בעת דובינסקי האָט ווי־דערהאָלט די אַלע בלבול־געשיכטעס פון די אולטראַס וועגן דעם „בוגאַבו" פון „קאָמוניזם" און געזוכט צו שאַפן דעם איינדרוק ביי די דעלעגאַטן, אַז קיין הייליגערע אויפגאַבע, ווי פירן מלחמה געגן קאָמוניסטן איז גאָר ניטאָ, האָט פּאָטאָפּסקי געזאָגט גאָר עפּעס אַנדערש. אויך ער האָט גערעדט וועגן געפאַרן און וועגן אויפגאַבן. אָבער די דאָזיגע געפאַר, האָט ער געזאָגט, קומט פון די בוירטשערס, פון די אולטראַ־רעאַקציאָנערע עלעמענטן, וואָס אַרבעטן מעשים, כדי אָוועקצונעמען ביי די אַרבעטער זייערע שווער־אויסגעקעמפּטע געווינסן.

„עס זיינען דאָ עלעמענטן אין אַמעריקאַנער לעבן", האָט געזאָגט פּאָ־טאָפּסקי, „ניט נאָר אין דער „דזשאָן בוירטש סאָסאַיעטי", נאָר אויך אין אַ גרויסער צאָל סטעיט־לעגיסלאַטורן און אין פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס פון די עקסטרעם רעכטע, וואָס אַרבעטן ווי די ביבערס, כדי צו ברענגען צוריק צום לעבן דעם גייסט פון 19טן יאָרהונדערט".

די דאָזיגע עלעמענטן, האָט פּאָטאָפּסקי געזאָגט, ווילן דרייען די רעדער פון דער געשיכטע אויף צוריק, זיי ווילן בטל מאַכן די „סאָשל סעקיוריטי", זיי ווילן אָפּשאַפן דאָס רעכט אויף פרייער רעדע, זיי ווילן פאַרניכטן די טרעיד־יוניאָן באַוועגונג.

אין דער צייט, וואָס דובינסקי האָט געזוכט איינצושמועסן די דעלעגאַטן, אַז די באָמבאַרדירונגען אויף די פאָלקס־מאַסן פון צפון־וויעטנאַם איז אין די אינטערעסן פון הומאַניזם, פרייהייט און דעמאָקראַטיע, האָט פּאָטאָפּסקי דערמאָנט די דעלעגאַטן, אַז דאָס אַמעריקאַנער פאָלק האָט פאַר זיך די פּראָבלעם פון געווינען די מלחמה געגן אָרעמקייט אין לאַנד גופא; אַז מיליאָנען פאַמיליעס לעבן אין גרויס נויט און אַז די סומע געלט, וואָס

די רעגירונג האָט באַשטימט אויף צו מאַכן אַ סוף צו אָרעמקייט, איז ניט מער, ווי אַ טראָפּן אין ים.

פּאָטאָפּסקי האָט ניט נאָר פעסטגעשטעלט דעם דיאַגנאָז פון דער קראַנק־הייט, וואָס הייסט אָרעמקייט, — ער האָט אויך פאָרגעשלאָגן אַ רפואה צו דער מכה. כדי צו געווינען די מלחמה געגן דחקות, האָט ער געזאָגט, מוז מען פּילפאַכיג פאַרגרעסערן די קויף־קראַפט פון דער באַפעלקערונג און כדי די מאַסן זאָלן האָבן מיט וואָס צו קויפן, האָט ער געזאָגט, וועלן די יוניאָנס דאַרפן קאָנצענטרירן אַלע זייערע כוחות אויף די קאַמפּן פאַר דעם, אַז דער קאָנגרעס זאָל העכערן דעם מינימום־לוין ביז צוויי דאָלער אַ שעה; אַז די אַרבעטס־וואָך זאָל פאַרקירצט ווערן אויף 35 שעה און אַז די מיליאָנען ניט־אָרגאַניזירטע אַרבעטער, וואָס ווערן אויסגענוצט פון די אָפּען־שאַפּערס, כדי אונטערצומינעווען די באַדינגונגען פון די יוניאָניזירטע אַרבעטער, דאַרפן אָרגאַניזירט ווערן אין יוניאָנס.

פּרעזידענט דזש. פּאָטאָפּסקי האָט ניט אַנטדעקט קיין נייעס אין זיין רעדע. וועגן דעם רעדט מען לעצטנס זייער אַ סך ביי די יוניאָן־מיטינגען. אָבער ער האָט גענוצט זיין אויפטריט ביי דער קאָנווענשאָן אויף אַ געהעריגן שטיי־גער — ניט פאַר מלחמה־העצעס, נאָר צו דראַמאַטיזירן די נויטווענדיגקייט פאַר די אַרבעטער צו קעמפן פאַר די דערמאָנטע פּונקטן, כדי דורך דעם צו העלפן געווינען די מלחמה געגן אָרעמקייט.

די דעלעגאַטן האָבן פּאָטאָפּסקי׳ס רעדע אויפגענומען מיט באַגייסטערונג, ווייל זיי האָבן געפילט, אַז ער האָט גערעדט וועגן ענינים, וואָס זיינען פאַר זיי אַ לעבנס־נויטווענדיגקייט.

דובינסקי האָט נאָך פּאָטאָפּסקי׳ס רעדע אַ זאָג־געטאָן בלשון שפּאַס, אַז צוהערנדיג זיך צו דעם וואָס דער פּרעזידענט פון דער אַמאַלגאַמעיטעד האָט געזאָגט, און ווי אַזוי ער האָט עס געזאָגט, האָט ער (דובינסקי) געמיינט, „אַז דאָס האָט גאָר פּאָטאָפּסקי געהאַלטן דעם קינאָוט ספּיטש”... און דאָס מאָל איז דובינסקי ניט געווען ווייט פון׳ם אמת...

## מיני׳ס רעדע

ווי דובינסקי אין זיין שליסל־רעדע, אַזוי האָט אויך דזשאָרדזש מיני, פּרעזידענט פון דער א. פ. אָוו ל.־סי־אי־אָ, אינדאָרסירט פּרעזידענט דזשאָנ־סאָנ׳ס האַנדלונגען אין וויעטנאַם און אין דער דאָמיניקאַנער רעפּובליק אָן וועלכע עס איז רעזערוואַציעס.

לויט דעם אופן, ווי אַזוי מיני האָט גערעדט מיט באַגייסטערונג וועגן די באָמבאַרדירונגען אויף צפון וויעטנאַם, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס וואָס דער פּענטאַגאָן טוט אין יענעם טייל פון דער וועלט, איז אַ גוואַלדיגער אויפטו לטובת דער מענטשהייט און אַז די אַרבעטער דאַרפן אַוועקלייגן אָן

אַ זייט אַלע זייערע פּראָבלעמען און זיך אַריינוואַרפן, מיט פייער און ברען, כדי צו העלפן געווינען דעם „הייליגן קאַמף״.

ווי דובינסקי, אַזוי האָט אויך מיני פאַרגליכן די „שמוציגע מלחמה״ אין וויעטנאַם צו דער מלחמה, וואָס די אַליאירטע פעלקער האָבן געפירט געגן דעם באַרבאַרישן היטלעריזם, וואָס האָט אומגעבראַכט אַ דריטל פון אידישן פאָלק אין גאַז־קאַמערן און מיליאָנען מענטשן פון אַנדערע פעלקער.

ביי מיני׳ן זיינען די וואַלטער ליפּמאַנ׳ס, די סענאַטאָרן מאָרס און גרו־נינג, די טויזנטער פּראָפעסאָרן און געלערנטע — „אינטעלעקטועלע דזשי־טער־באַגס״, דערפאַר וואָס זיי זיינען פאַר שלום אין וויעטנאַם און דערפאַר וואָס זיי האַלטן, אַז דער האַגל פון טויט און חורבן, וואָס ווערט געזייט און געשפּרייט אין יענעם וועלט־טייל, איז ניט מאָראַליש און ניט מענטשלעך.

צו זיין גערעכט צו מיני׳ן, דאַרף מען זאָגן, אַז ער האָט ניט נאָר גערעדט וועגן וויעטנאַם און סאַנטאָ דאָמינגאָ. ער האָט גערעדט — און זייער אַ סך — וועגן דער טראַגישער מערכה פון צענדליגער מיליאָנען אַמעריקאַנער, וואָס אַרבעטן שווער און פאַרדינען קדחת מיט כשר׳ע פאַדעם. און דווקא דער טייל פון דער רעדע איז געווען זייער איינדרוקספול. ווען מיני האָט אָנגעוויזן, אַז אין דער צייט, וואָס אין לאַנד הערשט אַ גרויסע פּראָספּעריטי, אין דער צייט ווען די אינדוסטריעלע באַראָנען מאַכן די גרעסטע פּראָפיטן אין זייער געשיכטע, געפינען זיך אין לאַנד, ווי ער האָט געזאָגט, מיליאָנען אַמעריקאַנער וואָס אפילו נאָכדעם, ווי זיי אַרבעטן אָפּ אַ פולע וואָך, דאַרפן זיי ערשט אָנקומען צו „וועלפער־אַגענטורן״, ווייל זיי קאָנען ניט אויסקומען מיט זייערע מאָגערע פאַרדינסטן, — ווען מיני האָט דאָס אָנגעוויזן, האָט עס געמאַכט אַן איינדרוק.

מיני האָט אויך געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, ווען ער האָט געשילדערט, ווי אַזוי די אָרגאַנען פון „ביג ביזנעס״ גיבן אויס מיליאָנען דאָלאַר איינצו־פירן די אַזוי גערופענע „ראַיט טו וואָירק״ געזעצן און ווי אַזוי זיי ווילן אומברענגען די טרעיד־יוניאָן באַוועגונג.

מען קאָן ניט לייקענען, אַז מיני האָט געמאַכט אַ „שטאַרקע קעיס״, ווען ער האָט אָנגעוויזן, אַז די אַלע שיינע רייד וועגן אַ „גרעיט סאָסאַיעטי״ זיינען גאָרנישט ווערט, אויב מען וועט ניט שאַפן קיין דזשאָבס פאַר די מיליאָנען אַרבעטסלאָזע, אויב מען וועט ניט באַוויזן צו העכערן דעם לעבנס סטאַנדאַרד פון די מיליאָנען אַמעריקאַנער, וואָס פאַרדינען וואָסער אויף קאַשע, אויב מען וועט ניט געפינען קיין לייזונג צו דער פּראָבלעם פון אויטאָמאַציע, וואָס וואַרפט אַרויס פון דער אַרבעט צענדליגער טויזנטער אַרבעטער אַ יאָר.

אויפ׳ן גרונט פון דעם, וואָס מיני האָט געזאָגט, האָט מען געקאָנט דער־וואַרטן, אַז ער וועט קומען צום אויספיר, אַז אָנשטאָט אויסצוגעבן ביליאָנען דאָלאַר צו פאַרניכטן וויעטנאַם, אָנשטאָט צו פאַרשווענדן ביליאָנען פאַר מי־ליטערישע צוועקן, וועט ער פאָדערן, אַז די דאָזיגע ביליאָנען דאָלאַר זאָלן

געגוצט ווערן אויף צו געווינען די מלחמה געגן אָרעמקייט אין לאַנד גופא. דאָס איז דאָך, דאַכט זיך, אַלעף בית. קיין אָרנטלעכער מענטש מיט שכל הישר קאָן גאָרניט קומען צו קיין אַנדער אויספיר.

אָבער מיני׳ס פּאַטאַלאָגישע רויט־יעגעריי מאַכט אים בלינד און זיג־לאָז. מיט׳ן זעלבן אימפּעט, ווי ער האָט גערעדט וועגן דער נויטווענדיקייט פון געווינען די מלחמה געגן אָרעמקייט, האָט ער געשטיצט די מלחמה־אַוואַנ־טורעס אין וויעטנאַם.

ער האָט זיך דערלויבט צו זאָגן, אַז אַמעריקע איז בכוח צו פירן צוויי מלחמות אין דער זעלבער צייט. איין מלחמה געגן אָרימקייט און די צווייטע מלחמה געגן די פעלקער פון לאַטיין־אַמעריקע און דרום־מזרח אַזיע, וועג־מענס קאַמף געגן קאַלאָניאַליזם און פאַר זעלבשטשטענדיקייט ער האָט באַ־צייכנט אַלס „קאָמוניזם”, — אָט פונקט אַזוי ווי עס טוען די אָפּפען שאַ־פערס אין דער סאַוט, ווען אַרבעטער קעמפן פאַר יוניאָן־אָנערקענונג. לויט מיני׳ס פאַרקריפּלטער לאָגיק איז אויסגעקומען, אַז מען קאָן האָבן אי פּוטער און אי קאַנאָנען. אָבער יעדער שכל׳דיגער מענטש ווייסט, אַז דאָס פאַרקערטע איז אמת. ווען ביליאָנען דאָלאַר ווערן אויסגעגעבן אויף אַמוניציע, מוז דאָס פאָלק צאָלן פאַר דעם אַ בלוטיגן פּרייז. די איינציגע וועמען מיני פאַר־שאַפט איצט אַ סך נחת מיט זיינע מלחמה־העצעס זיינען די גאָלדוואָטער׳ס און די בוירטשערס, וואָס ווילן אין נאָמען פון סופּער־פּאַטריאָטיזם פאַרניכטן די טרעיד־יוניאָן באַוועגונג.

## מ׳וואָלט געקאָנט האָבן נחת — נאָר...

די קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל לעידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דעם דאָוויל האָטעל, וואָס ווערט באַטראַכט ווי איינער פון די רייכסטע האָטעלן אין מיאַמי ביטש.

עס איז אַוודאי אַ שטאָלץ, ווען אַ יוניאָן קאָן זיך דערלויבן אָפּצוהאַלטן אַ קאָנווענשאָן אין אַזאַ לוקסוס־פּלאַץ. ווי גייט דאָס ווערטל אין ענגליש: „נאָטהינג איז טו גוד פאָר דהי וואָירקינג קלעס” (קיין זאַך איז ניט צו גוט פאַר׳ן אַרבעטער־קלאַס). ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן? ווען די מיטגלי־דער וואָלטן ביי אַזאַ קאָנווענשאָן געהאַט די דעה און ווען די פירער פון דער יוניאָן וואָלטן געווען געטרייע באַשיצער פון זייערע אינטערעסן.

אָבער צום גרויסן באַדויערן איז דער דאָזיגער נאַציאָנאַלער צוזאַמענפאָר געגוצט געוואָרן ווי אַ פּלאַטפאָרמע — ניט אויף צו העלפן פאַרבעסערן די לאַגע פון די באַלמעלאָכעס, נאָר כדי צו ווייזן פאַר דער וועלט ווי שטאַרק און מעכטיג זיי, די באַאַמטע, זיינען און — צו „אַדווערטאַיזן” זיך פאַר דער עפנטלעכער מיינונג.

עס איז דעריבער ניט קיין צופאַל, וואָס אין „מיאַמי ביטש דעילי סאָן”

פון 13טן מאַי, האָט מען אָפּגעדרוקט זעקס בילדער פון דוד דובינסקי׳ן אין פאַרשיידענע פּאָזעס, אויף אַן אינערוויניגסטער זייט און מיט אַ ריזיג בילד אויף דער ערשטער זייט. די בילדער ווערן באַגלייט מיט קאָמענטאַרן וועגן דעם, ווי קלוג און שאַרפזיניג דובינסקי איז. איבערהויפּט ווערט דאָרט אונ־טערשטראָכן דובינסקי׳ס מלחמה געגן „קאָמוניזם און קאָמוניסטן״.

און פאַרוואָס איז די דאָזיגע בולוואַר־צייטונג אַזוי באַגייסטערט פאַר דו־בינסקי׳ן? ווייל ער האָט אין זיין דערעפענונגס־רעדע, ווי עס איז שוין געווען באַריכטעט, געמאַכט אַש און בלאָטע פון די ליבעראַלן, וואָס ווילן ראַטעווען דעם שלום פון דער וועלט.

*　　*　　*

דובינסקי, ווי איר ווייסט, האַלט זיך פאַר אַ גרויסן דעמאָקראַט, און ווייל ער איז אַזוי שטאַרק „פאַרליבט״ אין „פרייהייט״, איז ער גרייט חרוב צו מאַכן די וועלט, כדי צו באַשיצן, ווי ער זאָגט, די „זאַך פון דעמאָקראַטיע״.

אָבער ביי דער קאָנווענשאָן האָט איר קיין ביסל דעמאָקראַטיע ניט גע־קאָנט געפינען אפילו מיט אַ טעלעסקאָפּ.

די 919 דעלעגאַטן, וואָס זיינען געווען ביי דער קאָנווענשאָן, ווי עס איז באַריכטעט געוואָרן פון דער קרעדענשעלס קאָמיטע, זיינען געזעסן ביי די לאַנגע טישן, ווי סטאַטיסטן אין אַ טעאַטער. אַלץ איז געווען סערווירט און דערלאַנגט פון דער פּלאַטפאָרמע. יעדער שריט איז געווען קאָנטראָלירט פון דער מעכטיגער, גוט־געאוילטער מאַשין.

אין „פאָרווערטס״ פון זיבעטן מאַי האָט מען געשריבן:

„די קאָנווענשאָן וועט געפירט ווערן פון פּרעזידענט דוד דובינסקי אומ־פאַרגלייכבאַר. ער האָט דעם כישוף, ממש ווי אַ טאָסקאַניני, אַרויסצוברענ־גען דראַמאַ פון די דעלעגאַטן. ביי אים איז יעדע זיצונג אַ ספּעקטאַקל און עס איז קיין חידוש ניט, וואָס אַלע די, וואָס באַטייליגן זיך אין דער קאָנ־ווענשאָן, דעלעגאַטן, געסט, צייטונסלייט זיינען געשפּאַנט פון דער ערשטער מינוט ביז צו דער לעצטער רגע, ווען ער גיט אַ קלאַפּ מיט זיין האַמער און שליסט די קאָנווענשאָן. אַ קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל איז אַ גרויסן „פּראָדאָקשאָן״, ממש ווי סעסיל דע מילס וואָלט זיי דורכגעפירט. דער דיריגענט פון קאָנווענשאָן־אָרקעסטער איז דובינסקי און ער זעט שוין דערצו, אַז אַלץ זאָל קלאַפּן ביז צו דער גרעסטער קלייניגקייט. זיין אויג איז אויף אַלץ, אַז עס זאָל זיין וואַסער אויפן טיש, אַז די מאַיקראָפאָנס זאָלן אַר־בעטן און אַז יעדער דעלעגאַט זאָל זיך פילן באַקוועם. ער זעט אויך דערצו, אַז עס זאָל זיין אויף יעדער זיצונג אַ נייעס־באָמבע, כדי די צייטונגסלייט זאָלן האָבן וואָס צו באַריכטן...״

אָט אַזוי האָט מען געשריבן אין „פאָרווערטס״ וועגן דובינסקי׳ס גע־ניאַליטעט פון פירן אַ קאָנווענשאָן. איז ווען מיר האָבן אין דער „מאָרגן פריי־

הייט״ געשריבן, אַז דובינסקי גיט זייער גוט אַכטונג אויף דובינסקי׳ן און אַז ער האָט פאַר דעם צוועק איינגעשטעלט אַ מעכטיגן „פּאַבליק רילעישאָנס״ דעפּאַרטמענט, האָט עס דובינסקי ניט געוואָלט ליידן. נו, איז געקומען דער „פאָרווערטס״ — וואָס איז דובינסקי׳ס אָרגאַן און באַשטעטיגט, וואָס די „מאָרגן פרייהייט״ האָט געשריבן, — אַז ער, דובינסקי, גיט אַכטונג, אַז די צייטונגסלייט זאָלן האָבן וואָס צו באַריכטן...

איז טאַקע אמת, ווי דער „פאָרווערטס״ שרייבט, אַז דובינסקי איז דער דיריגענט פון קאָנווענשאָן־אָרקעסטער. עס איז אָבער לחלוטין ניט אמת, אַז די דעלעגאַטן זיינען געזעסן געשפּאַנט ביז דער לעצטער רגע, אַזוי גיך ווי ער האָט געגעבן אַ קלאַפּ מיטן האַמער. דער פאַקט איז, אַז דובינסקי איז ניט איינמאָל אַרויס פון די כלים און געזאָגט די דעלעגאַטן, אַז אויב זיי ווילן זיך ניט צוהערן צו דעם, וואָס ער האָט צו זאָגן, זאָלן זיי זיין אַזוי גוט און גיין ערגעץ אַנדערש.

אַזעלכע וואָרנונגען און מוסר־זאָגעריי האָבן זיך איבערגע׳חזר׳ט ביי יעדער זיצונג. מען האָט די דעלעגאַטן געדאַרפט זאָגן, אַז זיי זאָלן זיך „בי־העיוון״ — ווייל זיי האָבן געהאַט מער פאַרגעניגן פון רעדן צווישן זיך, ווי צוהערן זיך צו דעם שטראָם רייד, וואָס איז געקומען פון דער פּלאַטפאָרמע.

דאָס וואָס איך דערצייל דאָ איז אַ האָר ניט איבערגעטריבן. מען האָט געזען באַשיינפּערלעך, ווי די דעלעגאַטן האָבן זיך געלאַנגווייליגט און זיי זיינען צוליב דעם געווען אומרואיג. עס האָט זיי געצויגן צו דער גאַס. זיי האָבן בעסער געוואָלט זיין אין די כוואַליעס פון ים, ווי זיצן שעה׳ן־לאַנג און אויסהערן רעדעס, וואָס די מערסטע פון זיי האָבן אַ קנאַפּע שייכות מיט דעם, וואָס עס קומט פאָר אין די שעפּער.

* * *

דובינסקי האָט אין זיינע רעדעס געהאַלטן אין איין נוצן דאָס וואָרט „דיגניטי״ (ווירדע, חשיבות). די יוניאָן, האָט ער גע׳טענה׳ט, האָט געוואונען פאַר די מיטגלידער די סאַמע וויכטיגסטע זאַך — און דאָס איז „דיגניטי״. איז איינער אַ דעלעגאַט פון סאַן־פראַנציסקאָ צו מיר צוגעקומען נאָך אַ זי־צונג און האָט מיך געפרעגט איך זאָל אים דערקלערן, וואָס מיינט אַזוינס „דיגניטי״. ווען איך האָב אים פאַרטייטשט אין אידיש וואָס דאָס באַדייט, מאַכט ער צו מיר:

„איך ווייס אַליין אויך זייער גוט וואָס דער טייטש פון „דיגניטי״ איז; וואָס איך האָב געמיינט מיט מיין פראַגע, האָט ער פאַרגעזעצט, איז ווי קאָן זיין „דיגניטי״, ווען מען אַרבעט שווער און מען מאַכט ניט קיין לעבן? וואָס פאַראַ ווערט האָט „דיגניטי״, ווען דער באָס טוט וואָס ער וויל און די באַ־אַמטע, הייסן מ׳זאָל ליגן „איינגעלייגט״ און זיי וואַרפן זיך ווי אין קדחת, ווען מען קומט צו זיי מיט קריוודעס?״

אַ צווייטער דעלעגאַט, פון שיקאַגאָ, וועלכער האָט — ווי יענער — געבעטן, אַז איך זאָל בשום אופן ניט וואַגן אָנצוגעבן זיין נאָמען, האָט מיר געזאָגט, אַז דובינסקי און די אַנדערע באַאַמטע האָבן געהאַלטן אין איין אָנווייזן, ווי שלעכט עס איז געווען אַמאָל און ווי גוט עס איז היינט.

„איז טאַקע אמת, מאַכט ער, אַז היינט דאַרפן די אַרבעטער מער ניט טראָגן די מאַשינען אויף זייערע אַקסלען, צו דער אַרבעט ווי אַמאָל, אָבער צו זאָגן, ווי דאָס טוט דובינסקי, אַז די דרעסמאַכער געניסן פון גוטע באַדינגונגען, איז ניט מער ווי אַ באָבע־מעשה. אין שיקאַגאָ איז די לאַגע פון די באַלמעלאָכעס אַ קלאָגעדיגע. עס איז ניטאָ קיין שום קאָנטראָל אין די שעפּער. אויב דובינסקי איז אַזוי שטאַרק געגן די סוועט־שאָפּ באַדינגונגען פון אַמאָל, טאָ פאַרוואָס דערלאָזט ער, אַז די „אַמאָליגע" באַדינגונגען זאָלן עקזיסטירן היינט?

* * *

ווען דזשאָרדזש מיני, פּרעזידענט פון דער א. פ. אָוו ל.־סי־אַי־אָ, האָט אָנגעהויבן זיין רעדע ביי דער קאָנווענשאָן, האָט ער געזאָגט, אַז ווען ער האָט אַריינגעקוקט אין די ציפערן, וואָס ווערן אָנגעגעבן אין דעם באַריכט פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיוו־באָאַרד פון דער אינטערנעשאָנאַל, האָט ער געמיינט, אַז ער לייענט אַ רעפּאָרט פון דער „פעדעראַל ריזזירוו באָאַרד". פאַרוואָס האָט מיני געקראָגן אַזאַ איינדרוק? ווייל אין דעם באַריכט ווערן אָנגעגעבן ממש אַסטראָנאָמישע ציפערן, פון דעם פאַרמעגן, וואָס די יוניאָן האָט היינט צו טאָג אין אירע פאָנדן. אַזוי, למשל, ווערט געזאָגט אין דעם באַריכט, אַז אין דעם עלטער־פּענסיע פאָנד פון דער יוניאָן זיינען דאָ 230 מיליאָן דאָלאַר.

איז אַוודאי זייער גוט, וואָס אַ יוניאָן קאָן זיך באַרימען מיט אַזאַ עשירות און וואָס זי האָט גרויסע פאַרמעגנס. אָבער די דאָזיגע עשירות ווערט, צום באַדויערן, ניט גענוצט אויף אַזאַ שטייגער, וואָס זאָל פאַרשאַפן די מיטגלידער אַ סך נחת. ווען פירער פון אַ יוניאָן קאָנען זיך דערלויבן צו שטיצן מלחמה־אַוואַנטיורעס, דינען זיי ניט די אינטערעסן פון די מיטגלידער.

* * *

ביי דער קאָנווענשאָן האָבן זיך שטאַרק אָנגעזען קלאָוק און דרעס־מאַנופעקטשורערס. די פירער פון דער יוניאָן האָבן זיי איינגעלאַדן אַלס געסט און דובינסקי האָט זיי געגעבן אַ סך כבוד. ער האָט זיי אַרויפגערופן אויף דער בינע, געדריקט זייערע הענט און זיי געלויבט, ווי זיי וואָלטן געהאַט אַ חלק אין ברענגען די יוניאָן צום לעבן.

אין אַ שמועס, וואָס איך האָב געהאַט מיט איינעם פון די באַאַמטע, האָב איך געפרעגט: ווי קומט דאָס, וואָס די פירער פון דער יוניאָן האָבן ניט

געפונען פאַר נויטיג איינצולאַדן אַ צאָל פון די פּיאָנערן, די גרונט־לייגער פון דער יוניאָן צו דער 65טער יובילײ־קאָנווענשאָן? האָט ער אַ שמייכל גע־טאָן און דערביי באַמערקט: „יו העוו גאָט סאַמטהינג דהעיר“... ס׳הייסט, אַז „עפּעס“ איז דאָ אין מיין פראַגע... פּירושים זיינען איבעריג.

## די אינטערנעשאַנאַל און די וועלט־לאַגע

מען זאָגט, אַז יעדער וואָלקן האָט זיך זיין זילבערנעם אונטערשלאַק (זוים). דאָס הייסט, אַז דאָרט וואו עס איז דאָ שאָטן, איז אויך דאָ ליכט. אָבער ביי דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאַנאַל לעידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן, איז לײדער שווער צו געפינען אַ סימן פון ליכט.

אפילו ווען אַ רעדנער האָט אַרייגעוואָרפן דאָ און דאָרט אַ וואָרט וועגן ציווילע רעכט, „ראַיט טו וואָירק“־געזעצן, אָרגאַניזירן די ניט־אָרגאַניזירטע — זיינען די דאָזיגע שייך־קלינגענדיגע ווערטער געוואָרן בטל בשישים, ווייל די הויפּט־טעמע פון אַלע טעמעס איז געווען — קאָמוניסטן־פרעסעריי.

עס איז הימל און ערד און „קאָמוניזם“. פון דעם ערשטן מאָמענט אָן, ווען די קאָנווענשאָן האָט זיך אָנגעהויבן, איז דער „בוגאַבו“ פון קאָמוניזם ניט אַרונטער פון טאָג־אָרדנונג. נאָכדעם, ווי דוד דובינסקי האָט געגעבן דעם טאָן, האָבן די מערסטע געסט־רעדנער — מיטן אויסנאַם פון דזשעיקאָב פּאָטאָפסקי, פּרעזידענט פון דער אַמאַלגאַמעיטעד קלאָדהינג וואָירקערס אָוו אַמעריקע, וועלכער האָט גערעדט וועגן די פּראָבלעמען, וואָס מאַטערן די אַר־בעטער און פּאָלקס־מאַסן, „געהאַלטן שבת“ אויף דער „פּראָבלעם“ פון „קאָמוניזם“.

אפילו דער וויצע־פּרעזידענט, יובערט האָמפרי, וואָס האַלט זיך, ווי אַלע ווייסן, פאַר אַ ליבעראַל, האָט אין זיין רעדע אַרייגעפלאָכטן אַ פּאָרציע רויט־יעגעריי, וואָס האָט דובינסקי׳ן פאַרשאַפט אַ סך נחת. טשיקאַווע איז, אַז אין האָמפרי׳ס געשריבענער רעדע, וואָס איז אויסגעטיילט געוואָרן צו די פאַר־שטייער פון דער פּרעסע, איז ניט געווען קיין סימן פון רויט־העצעריי. פאַר־קערט, זיין אָפּשאַצונג וועגן דער קללה פון אָרימקייט און זיין רוף צום קאַמף געגן דעם העסלעכן איבל פון ראַסיזם, איז געווען זייער גוט. די רעדע האָט באמת געקאָנט זיין דער הויכפּונקט פון דער קאָנווענשאָן. אָבער באַלד נאָכ־דעם האָט האָמפרי גענומען זיך צו זיין מיסיע פון כשר׳ן די מלחמה־אַקציעס פון פּענטאַגאָן און האָט שטאַרק געלויבט דובינסקי׳ן פאַר זיין אַטאַקע אויף די ליבעראַלן, וואָס פאָדערן שלום אין וויעטנאַם.

האָמפרי׳ס אַרגומענטן צו באַרעכטיגן די אַריינמישונג אין סאַנטאָ דאָ־מינגאָ און זיין טענה, אַז דאָס, וואָס וואַשינגטאָן טוט אין דרום־מזרח אַזיע, איז „אין די אינטערעסן פון דער פרייהייט־ליבנדיגער מענטשהייט“, האָבן

אויף אָרנטלעכע מענטשן געמאַכט אַ פּיינלעכן איינדרוק, ווייל דאָס האָט לחלוטין ניט געשטימט מיט זיין רעקאָרד אַלס ליבעראַל. לויט זיינע רייד איז אויסגעקומען, אַז די וואָס זיינען ניט מסכים מיט דער מלחמה־שטעלונג פון דער דזשאָנסאָן־אַדמיניסטראַציע זיינען, הייסט עס, ווי דובינסקי און מיני האָבן געזאָגט, „אַפּיזערס", שוואַכזיניגע מענטשן, וואָס שאַצן ניט אָפּ ווי גע־העריג די פיינע כוונות פון פּרעזידענט דזשאָנסאָן.

* * *

אָבער די אמת'ע מעקאַרטישע וואַקאַכאַנאַליע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, ווען שעלי עפּלטאָן, מענעדזשער פון סקווירטמאַכער לאָקאַל 23 אין ניו יאָרק, וויצע־פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל און איידעם פון דוד דובינסקי, האָט פאָרגעשלאָגן פאַר דער קאָנווענשאָן אַ צעטל מיט רעזאָלוציעס, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער אויסערן פּאָליטיק פון לאַנד.

אָט דאָ האָט מען ערשט גענומען דערלאַנגען סחורה! עס איז אַוועק אַ סדרה פון אַנטי־קאָמוניסטישער היסטעריע — אַזוי אַז די בוירטשערס מעגן ביי די דובינסקי־מענטשן פּעטשערעס הייצן.

די ערשטע רעזאָלוציע פון דעם מין איז געווען — „באַגריסן די דזשאָנ־סאָן־אַדמיניסטראַציע פאַר די מיליטערישע אַקציעס אין וויעטנאַם און פאַר שיקן די מאַרינען אין סאַנטאָ דאָמינגאָ, כדי ניט צו דערלאָזן, הייסט עס, די קאָמוניסטן צו פאַרכאַפּן די מאַכט".

די רעבעלן, וואָס ווילן צוריקברענגען דעם ליבעראַל דר. באָש צו דער מאַכט, האָט מען אין דער רעזאָלוציע באַצייכנט אַלס „קאָמוניסטן", אָט ווי מען טוט עס אין די גאָלדוואָטער־קרייזן. און כדי צו שאַפן די געהעריגע שטימונג פון היסטעריע, האָט מען פון פריער באַשטימט געוויסע באַאַמטע, וואָס זאָלן דערלאַנגען „פּאַרע". זיי האָבן געמאָלן „גרווילהאַפּטע" בילדער ווי אַזוי די „קאָמוניסטן" ווילן פאַרכאַפּן די וועלט. דאָ זיינען געקומען די אַלטע אַרגומענטן וואָס ווערן גענוצט פון די בוירטשערס און פון די אַנדערע אולטראַס.

נאָכדעם איז פאָרגעבראַכט געוואָרן אַ רעזאָלוציע פול מיט שוידערלעכע העצעס געגן דער איצטיגער רעגירונג פון קובאַ. דאָ האָט מען אונטערגע־שטעלט איינעם פון די אַזוי גערופענע „פּליכטלינגען", וואָס האָט געלייענט פון אַ פּאַפּיר אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט אַרויסגעשטעלט די איצטיגע רעגי־רונג פון קובאַ, ווי עפּעס אַזוינס, וואָס מען מוז פאַרניכטן, און ער האָט געזאָגט צו דובינסקין:

„איר גיט אונז די מיטלען צו קעמפן געגן קאַסטראָ, און מיר וועלן געבן אונזער בלוט".

און דאָ, אַז מען האָט דערהערט דאָס וואָרט „בלוט" האָט מען, לויט אַ סיגנאַל, געמאַכט אַן אָוואַציע. עס זאָל זיך זען, ווי די קאָנווענשאָן שטורעמט

אַזש מיט אויפבּרויז און צאַרן און מיט באַגייסטערונג פאַר מלחמה געגן קובאַ!

אָבער דאָס איז נאָך אַלץ געווען ווייניג פאַר די מעקאַרטישע רויט־העצער און פייער־שלינגער. די אמת׳ע געדיכטע האָט זיך אָנגעהויבן, ווען מען האָט גענומען לייענען אַ רעזאָלוציע וועגן דעם ענין „סאָוועטישן אַנטי־סעמיטיזם״. דאָ איז די פאַרגאַלאָפּירונג געווען אָן אַ גרעניץ. לויט׳ן טעקסט פון דער רעזאָלוציע איז אויסגעקומען, אַז די סאָוועטן־רעגירונג טוט ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אומברענגען דאָס אידישע פאָלק.

כדי צו דערפירן די העצע צו אַ מדרגה פון היסטעריע, האָט מען באַשטימט צוויי באַאַמטע, וואָס זאָלן „דעליווערן דהי גודס״. איינער אַ מאַן און די צווייטע אַ פרוי. האָבן זיי זיך מיט אַ מינע פון מאַרטירער געקאָכט און באַשולדיגט די סאָוועטן־רעגירונג, אַז זי טוט אָפּ לגבי די אידן שרעקלעכע זאַכן. איינער פון זיי האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל זיך ניט באַנוגענען בלויז מיט רעזאָלוציעס, נאָר מען זאָל אָרגאַניזירן דעמאָנסטראַציעס אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב.

אַז מען איז פאַרטיג געוואָרן מיט דעם, האָט מען פאָרגעשלאָגן אַ רע־זאָלוציע, וואו מען זינגט שירה צו דער וועלט־פעדעראַציע פון „פרייע יו־ניאָנס״ פאַר איר מלחמה, וואָס זי פירט געגן די „קאָמוניסטישע יוניאָנס״. דאָס איז, אגב, די זעלבע פעדעראַציע פון „פרייע יוניאָנס״, וואָס איז שאַרף פאַרדאַמט געוואָרן פון דזשאָרדזש מיני, פרעזידענט פון דער א. פ. אָוו ל.־סי. אַי. אָ.

ווי באַוואוסט, האָט מיני פאַרדאַמט די דאָזיגע קערפּערשאַפט, ווייל די פירער פון דער פעדעראַציע, ווי ער האָט געזאָגט, זיינען האַמאָ־סעקסו־אַליסטן און האָבן באַוויזן צו פאַרטאַכלעווען אַ היפּשע פאַר „טולער״, וואָס די א. פ. אָוו ל.־סי. אַי. אָ. האָט זיי געשיקט.

צווישן די רעזאָלוציעס איז אויך געווען אַ רעזאָלוציע, וואָס רופט די אַמעריקאַנער רעגירונג גוט־צוהייסן דעם „גענאָסיד״ (פעלקער־מאָרד)־אָפּמאַך. איז דאָך עס, דאַכט זיך, גוט און אַוודאי דאַרף מען באַגריסן, וואָס צווישן דעם באַרג קאַלטע מלחמה־רעזאָלוציעס האָט זיך דורכגעריסן אַזאַ רעזאָ־לוציע. אָבער.. מ׳האָט ניט געקאָנט דערוואַרטן, אַז די דובינסקי־לייט זאָלן אויסזאָגן, אַז דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט שוין לאַנג צוריק באַשטעטיגט דעם גענאָסיד־אָפּמאַך. פיל ערגער איז וואָס אין דער רעזאָלוציע דערמאָנט מען ניט קיין איינציגן וואָרט וועגן דעם מאַסן־מאָרד פון די זעקס מיליאָן אידן, וואָס די נאַצישע רוצחים האָבן דורכגעפירט... ווען איך האָב שפּעטער אַ פרעג געטאָן איינעם פון די באַאַמטע, פאַרוואָס רעדט מען וועגן גענאָסיד אַזוי אַבסטראַקט, בכלל און מען האָט זיך געהיט ניט צו דערמאָנען די שחיטה פון אַ דריטל פון אידישן פאָלק, איז זיין ענטפער געווען, אַז דאָס איז געווען אַ „פאַרזען״...

אין תוך איז עס, פאַרשטייט זיך, ניט געווען קיין פאַרזען. דער פאַקט

איז, אַז די וואָס האָבן מיט טעאַטראַלישן אָנשטעל געזוכט צו מאַכן דעם איינ־דרוק, אַז זיי בלוטיגט דאָס האַרץ איבער דעם מצב פון דער אידישער קול־טור אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָבן ניט געפונען פאַר נויטיג צו פאָדערן, אַז די הונדערטער נאַצישע קריגס־פאַרברעכער און אידן־מערדער, וואָס געפי־נען זיך ביי אונדז אין לאַנד און לעבן אַ גוטן טאָג, זאָלן גע׳משפט ווערן פאַר זייער אָנטייל אין די שחיטות אויף אידן.

די דובינסקי־לייט האָבן ניט געפונען פאַר נויטיג פאַרצושלאָגן צו אָר־גאַניזירן פראָטעסט־דעמאָנסטראַציעס געגן דער „שלוס־דאַטע״, וואָס באַ־צוועקט צו געבן אַמנעסטיע צו די, וואָס האָבן דורכגעפירט די „אַרבעט״ פון פאַרברעכנגען מיליאָנען אידן אין די קרעמאַטאָריעס.

זיי האָבן ניט געפונען פאַר נויטיג צו וואָרענען געגן דער געפאַר פון דעם נאַצישן אינטערנאַציאָנאַל, וועמענס אַגענטן עס בושעווען אין די לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע און פאָזירן אַלס „פרייהייטס קעמפער״.

זיי האָבן ניט געפונען פאַר נויטיג צו פאָדערן אָנצונעמען מיטלען אָפּ־צושטעלן די וויסטע טעטיגקייט פון די ראַקוועלס פון דער „אַמעריקאַן נאַצי פאַרטיי״, וואָס רופן צו פאַרגאַזן די אַמעריקאַנער אידן.

דער פאַקט איז, אַז דער זעלבער דובינסקי, וואָס האָט בשעת דער מלחמה געגן היטלעריזם געשוואָרן ביי אַ ריזיגן מיטינג אין גאַרמענט סענטער, ניו יאָרק: אַז „מיר וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן סטאַלינגראַד און ניט פאַר־געסן די סאָוועטישע אַרמיי״, ווייל מיליאָנען רויט־אַרמייער האָבן געגעבן זייערע לעבנס צו פאַרניכטן דעם נאַצישן מאָנסטער — אָט דער זעלבער דובינסקי נוצט איצט די זעלבע שפּראַך געגן די שלום־קעמפער, ווי דאָס טוען די בוירטשערס און ער העלפט זיי אַרויס אין זייערע פאַרזוכן צוריק אויפלעבן דעם מעקאַרטיזם.

דעם זעלבן פרימאַרגן, ווען מען האָט דורכגעפירט די וואַקכאַנאַליע מיט די קאַלטע מלחמה־רעזאָלוציעס, האָט מען אויך דורכגעפירט אַ הספד (אַ העספּעד) נאָך די גרינדער און בויער פון דער יוניאָן. דובינסקי האָט אויף אַ דראַמאַטישן אופן גערעדט וועגן דעם אידעאַליזם פון די דאָזיגע גרונט־לייגער. ווען ניט זייער מסירת נפש, האָט ער געזאָגט, וואָלט ניט געווען ניט נאָר קיין א. ל. ג. י., נאָר עס וואָלט קיין אַרבעטער באַוועגונג אויך ניט געווען.

מיט דעם אופן, ווי אַזוי דובינסקי האַנדלט איצט און ווי אַזוי ער פירט איצט די יוניאָן, האָט ער די נעמען פון די דאָזיגע גרינדער און בויער פאַר־שוועכט און באַליידיגט. די וואָס האָבן זיך מקריב געווען פאַר דער יוניאָן האָבן ניט אַוועקגעגעבן זייערע כוחות, כדי די גאָלדוואָטערס און די מעק־אַרטי־לייט זאָלן צעשמאָלצן ווערן פון נחת ווי אַזוי דובינסקי העצט צו מלחמה און רייסט פאַסן פון די, וואָס קעמפן פאַר שלום און פאַר סאָציאַלער גע־רעכטיגקייט.

# דער אויפטריט פון ראַי ווילקינס

דער אויפטריט פון ראַי ווילקינס, עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר פון דער „נעשאַנאַל אַסאָסיעישאַן פאָר דהי אַדוואַנסמענט אָוו קאַלאָרד פּיפּל“ ביי דער קאָנווענשאַן פון דער אינטערנעשאַנאַל לעידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן איז אָן ספק געווען איינע פון די הויכפּונקטן ביי דער צוזאַמענפאָר.

זיין אויפטריט איז געווען באַדייטונגספול, ניט נאָר מיט דעם וואָס ער האָט געזאָגט אין זיין רעדע, נאָר אויך צוליב דעם פאַקט, וואָס ער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג צו אַדרעסירן אַ קאָנווענשאַן פון דער א. ל. ג. וו. י.

ווי באַוואוסט, זיינען די באַציאונגען צווישן די פירער פון דער אינטערנעשאַנאַל מיט די פירער פון „ען. עי. עי. סי. פּי“, געווען די לעצטע עטלעכע יאָר זייער אָנגעצויגן צוליב דער באַשולדיגונג פון הערבערט היל, לעיבאָר־סעקרעטערי פון דער דערמאָנטער נעגערשער קערפּערשאַפט, אַז די פירער פון דער אינטערנעשאַנאַל פּראַקטיצירן ראַסן־דיסקרימינאַציע.

די דאָזיגע באַשולדיגונג האָט געפירט צו אַן אויספאָרשונג דורך אַ קאָנגרעס־קאָמיטע וועגן דעם גאַנצן ענין און עס האָט זיך וועגן דעם אַ שטיקל צייט שטאַרק געקאָכט.

די פירער פון דער א. ל. ג. וו. י. האָבן די באַשולדיגונג קאַטעגאָריש געלייקנט און פון דער אויספאָרשונג איז גאָרנישט געוואָרן. דאָס וואָס ראַי ווילקינס האָט צוגעשטימט צו זיין אַ גאַסט־רעדנער ביי דער קאָנווענשאַן האָט דוד דובינסקי, דער פּרעזידענט פון דער יוניאָן אויסגעטייטשט, ווי אַ סימן אַז די באַציאונגען צווישן דער „ען. עי. עי. סי. פּי.“ און די א. ל. ג. וו. י. האָבן זיך פאַרבעסערט און אַז עס איז איינגעשטעלט געוואָרן שלום צווישן די ביידע צדדים.

ווילקינס האָט אין זיין רעדע דערקלערט, אַז די „ען. עי. עי. סי. פּי.“ האָט, לויט זיין מיינונג, געמאַכט אַ טעות מיט דעם, וואָס זי האָט געהאַט באַשולדיגט די אינטערנעשאַנאַל אין דיסקרימינאַציע און אַז ביידע צדדים האָבן איבערטריבן דעם גאַנצן ענין.

## אַ שאַרפע אָנקלאַגע

אָבער ווילקינס האָט אין דער זעלבער צייט געמאַכט אַ זייער שאַרפע אָנקלאַגע געגן די פירער פון דער טרעיד־יוניאָן באַוועגונג. ער האָט די וואָרט־זאָגער פון דער א. פ. אָוו ל. — סי. אַי. אָ. באַשולדיגט, אַז אין די יוניאָנס, וואו זיי האָבן די דעה האָבן זיי געטאָן זייער ווייניג צו באַזייטיגן די קללה פון דיסקרימינאַציע געגן נעגערשע אַרבעטער.

ווילקינס, וועלכער איז באַוואוסט אַלס אַ מעסיגער פירער צווישן די נעגערשע מאַסן, וואָס באַנוצט זיך נישט מיט קיין שטאַרקער פראַזע, האָט דאָס מאָל שאַרף און שניידיג געוואָרפן אין פּנים אַריין די יוניאָן־פירער, אַז

זיי טוען ניט זייער פליכט אין פּרט פון העלפן די נעגערשע אַרבעטער צו דערשלאָגן זיך גלייכבאַרעכטיגונג ביים קריגן דזשאַבס און בכלל אויסקעמפן מענטשלעכע באַדינגונגען.

פאַררופנדיג זיך אויף אויסצוגן פון אַ רעדע, וואָס פיליפ רענדאָלף, וויצע־פּרעזידענט פון דער א. פ. אָוו ל.־ס. אַי. אָ., האָט געהאַלטן ביי דער 51טער יערלעכער קאָנווענשאָן פון דער „ען. עי. עי. סי. פּי.״ אין סעינט פאָול, מינעסאָטאַ, האָט ווילקינס דערקלערט, אַז די יוניאָן־פירער זיינען פאַראַנטוואָרטלעך, וואָס די נעגערשע אַרבעטער ווערן דיסקרימינירט און ניט צוגעלאָזן צו קיין דזשאַבס, אַז זיי זאָלן קאָנען געניסן פון די זעלבע באַדינגונגען, ווי די ווייסע אַרבעטער.

ווען עס איז פאָרגעקומען מיט צען יאָר צוריק דער „מוירדזשער״ (פאַראייניגונג) צווישן די יוניאָנס פון דער א. פ. אָוו ל. און סי. אַי. אָ., האָט געזאָגט ווילקינס, האָט די „ען. עי. עי. סי. פּי.״ באַגריסט די דאָזיגע צונויפשמעלצונג און עס איז געלייגט געוואָרן גרויסע האָפענונגען, אַז ענדלעך וועט געמאַכט ווערן אַ סוף צו דער קללה פון ראַסן־דיסקרימינאַציע אין דער אַרבעטער באַוועגונג. אָבער פון די אַלע דערוואַרטונגען און האָפענונגען האָבן זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. צען יאָרן נאָכן „מוירדזשער״ איז די לאַגע אין די יוניאָנס ווי געווען. די נעגערשע אַרבעטער ווערן ניט צוגעלאָזט צו ווערן קוואַליפיצירטע באַלמעלאָכעס, זיי זיינען די ערשטע אָפּגעזאָגט צו ווערן פון דער אַרבעט, די לעצטע אָנגעשטעלט צו ווערן, און זיי גייען אַוועק מיט 50 פּראָצענט ווייניגער שכירות, ווי די ווייסע אַרבעטער.

ווילקינס האָט ניט גערעדט סתם אין דער וועלט אַריין. ער האָט אָפּערירט מיט פאַקטן וואָס האָבן געטראָפן אין דער זיבעטער ריפ. אַלס ביישפּיל האָט ווילקינס געבראַכט דעם פאַקט, וואָס אין 1955 זיינען די באַאַמטע פון לאָקאַל 38 פון דער אינטערנעשאָנאַל בראָדערהוד אָוו עלעקטריקל וואָירקערס אין קליוולאַנד אָנגעקלאָגט געוואָרן אויף דער באַשולדיגונג פון דיסקרימינירן געגן אַ נעגערשן קוואַליפיצירטן עלעקטרישען, טעאָדאָר פינקטאָן. אַלס רעזולטאַט פון דער קלאַגע זיינען די באַאַמטע פון לאָקאַל געפונען געוואָרן שולדיג אין ראַסן־דיסקרימינאַציע, דורך דער „פעיר עמפּלאָימענט פּרעקטיס קאָמיטע״ אין קליוולאַנד. דאָס האָט געפירט צו דעם, אַז די באַאַמטע פון לאָקאַל זיינען געווען געצוואונגען אַריינצונעמען צוויי נעגערשע אַרבעטער אין לאָקאַל 38.

## ס׳איז געבליבן ביים אַלטן

אָבער היינט, מיט 10 יאָר שפּעטער, האָט געזאָגט ווילקינס, זיינען אין לאָקאַל 38, וואָס איז דער גרעסטער עלעקטרישענס לאָקאַל אין קליוולאַנד, די זעלבע צוויי נעגערשע אַרבעטער. זינט דאַן האָט מען מער ווי די צוויי ניט אַריינגענומען.

ווילקינס האָט געבראַכט פאַרשיידענע אַנדערע ביישפילן וואָס האָבן גע־שניטן ווי מיט מעסערס. ער האָט דערקלערט, אַז די פירער פון די יוניאָנס טוען זייער ווייניג צו העלפן די נעגערשע אַרבעטער זיך אַרויסרייסן פון דחקות צוליב דעם, וואָס מען גיט זיי ניט קיין גלייכע מעגלעכקייטן און מען האַלט פאַר זיי פאַרשפאַרט די טירן.

אין האַרלעם, למשל, האָט ווילקינס געזאָגט, איז די אַרבעטלאָזיגקייט צוויי מאָל אַזוי גרויס, ווי אין די אַנדערע טיילן פון ניו יאָרק. און אין יולי 1964 זיינען 26 פראָצענט פון נעגערשע יוגנטלעכע געווען אַרבעטלאָז.

ווילקינס האָט צוגעגעבן, אַז אין פּרט פון העלפן די באַוועגונג פאַר ציווילע רעכט האָבן די יוניאָנס צוגעלייגט אַן אַקסל. פון דער אַנדערער זייט, האָט ער געזאָגט, האָט די „ען. עי. עי. סי. פּי.‟ געהאָלפן די יוניאָנס באַ־קעמפן די פאַרהאַסטע „ראַיט טו וואָירק‟־געזעצן.

ווילקינס האָט מיט זיין רעדע קיינעם ניט „געסטראַשעט‟ און קיינעם ניט באַליידיגט. ער האָט בלויז פעסטגעשטעלט די פאַקטן ווי זיי זיינען און ער האָט אָנגעוויזן, אַז די וואָס פּראַקטיצירן ראַסן־דיסקרימינאַציע זיינען גלייכצייטיג אויך ביטערע שונאים פון יוניאָנס. ער האָט אָנגעוויזן, אַז עס איז אין די אינטערעסן פון דער טרעיד־יוניאָן באַוועגונג צו העלפן די נע־גערשע אַרבעטער פאַרבעסערן זייער טראַגישע מערכה.

ווילקינס רעדע ביי דער קאָנווענשאָן איז געווען אַ שאַרפער באַשול־דיגונג־אַקט קעגן דער א. פ. אָוו ל.־סי־אַי־אָ. די מיני׳ס זיינען אויסגעשטעלט געוואָרן אין גאָר ניט קיין שיינער ליכט.

## דובינסקי פּרוואוט פאַרענטפערן

דובינסקי, וועלכער איז אַליין אַ וויצע־פּרעזידענט פון דער א. פ. אָוו ל.־סי־אַי־אָ און דזשאָרדזש מיני׳ס פערזענלעכער פריינט, האָט זיך געפילט זייער ניט באַקוועם פון דער באַשולדיגונג, וואָס ווילקינס האָט געמאַכט. ער האָט שפּעטער געזוכט אָפּשוואַכן דעם פיינלעכן איינדרוק, וואָס ווילקינ׳ס רעדע האָט איבערגעלאָזט אויף די דעלעגאַטן. ווי איינער פון די פירער פון עקזע־קוטיוו־קאָונסיל, האָט דובינסקי געזאָגט, ווייסט ער, אַז די יוניאָנס פּראַק־טיצירן ניט קיין ראַסן־דיסקרימינאַציע און אַז זיי מאַכן אַ סך פאַרשריט אויף דעם געביט פון העלפן די נעגערשע אַרבעטער.

אָבער דער פאַרזוך פון דובינסקי׳ן צו קומען צו הילף זיין פריינט דזש. מיני האָט געמאַכט אַ נעבעכדיקן איינדרוק, ווייל די פאַקטן, וואָס ווילקינס האָט אַרויסגעבראַכט, זיינען געווען צו טראַגיש, אַז מען זאָל זיי קאָנען פאַר־טומקלען מיט אַבסטראַקטע ליבע־דערקלערונגען

אגב האָט ווילקינס מיט זיין רעדע אויך צעקלאַפּט די לעגענדע, אַז די מיני׳ס זיינען געוואַלדיגע דעמאָקראַטן און פרייהייט־קעמפער. כאָטש ווילקינס

איז אַליין אַ שאַרפער געגנער פון קאָמוניזם, האָט ער אָבער מיט זיין אָנקלאַגע, ווי אַזוי די יוניאָן־פירער באַציען זיך גלייכצייטיג צו דער ביטערער לאַגע פון די נעגערשע אַרבעטער דאָ אין לאַנד, אויפגעדעקט דעם גרויסן ליגן פון די מיני׳ס, אַז עס גייט זיי שטאַרק אין לעבן די זאַך פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע.

כאָטש ווילקינס האָט זיי ניט געטאַדלט פאַר זייער גוואַלדיגן אינטערעס אין באַשיצן די „פרייע וועלט" געגן דער ניט־געשטויגענער „רויטער געפאַר", איז אָבער דער איינדרוק פון זיינע רייד פאַרט געווען, אַז „טשאַריטי בעגינס עט האָום", אַז איידער מ׳גייט פאַרזיכערן פרייהייט און דעמאָקראַטיע אין וויעטנאַם, סאַנטאָ דאָמינגאָ און אין די אַנדערע לענדער, וואו די מאַסן קעמפן פאַר זעלבסטשטענדיגקייט, זאָל מען בעסער זען, אַז די נעגערשע אַרבעטער דאָ אין לאַנד זאָלן קריגן דעמאָקראַטיע און פרייהייט.

ווי דזשעיקאָב פּאָטאָפּסקי אַזוי האָט אויך ווילקינס דערמאָנט דובינסקי׳ן, אַז די יוניאָנס האָבן פאַר זיך זייער ערנסטע פּראָבלעמען, ווי די געפאַר פון די אולטראַס און די קללה פון ראַסיזם. די רעדעס פון די צוויי פערזענלעכ־קייטן האָבן געהאָלפן אין אַ גרויסער מאָס פאַרטרייבן דעם רויך־פאַרהאַנג, וואָס דובינסקי האָט געזוכט צו שאַפן מיט זיינע מלחמה־העצעס און מיט זיין פאָכען דעם „רויטן הערינג".

אין פאַרבינדונג מיט ווילקינס׳עס אויפטריט האָבן די באַאַמטע יענעם טאָג אויך אַרויסגעפירט אַ צאָל נעגערשע דעלעגאַטן, וואָס האָבן שטאַרק גע־לויבט די פירער פון דער אינטערנעשאַנאַל פאַר זייער קאַמף געגן ראַסן־דיס־קרימינאַציע. כאָטש דער אופן, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן, איז ניט געווען אין בעסטן געשמאַק, ווייל כמעט יעדער פון זיי האָט אַדרעסירט די קאָנ־ווענשאָן פון אַ געשריבענעם פּאַפּיר, דאָך איז געווען גוט צו זען וואָס פשוט׳ע דעלעגאַטן לאָזן זיך הערן.

עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל ביי דער קאָנווענשאָן, וואָס חוץ אַפּלאָ־דירן די געסט־רעדנער און די באַאַמטע, האָבן דעלעגאַטן אַליין עפּעס געזאָגט. און דאָס וויכטיגסטע איז געווען זייער רוף צו העלפן דעם קאַמף פון נעגער־רעכט און וואָס זיי האָבן פאַרענדיגט מיטן בטחונ׳דיגן רוף: „ווי שאַל אָווער קאַם".

## מאָמענטן אויף דער קאָנווענשאָן

געווען אַ צייט, ווען יוניאָן־פירער האָבן געקוקט קרום אויף די, וואָס פלעגן זאָגן, אַז חוץ ברויט און פוטער־פראַגן דאַרף זיך אַ יוניאָן אויך פאַר־נעמען מיט פּאָליטישער טעטיגקייט. זייער צוגאַנג איז געווען, אַז יוניאָנס דאַרפן זיך פאַרנעמען אויסשליסלעך מיט „פיור ענד סימפּל יוניאָניזם".

די וואָס האָבן פאַרטיידיגט דעם שטאַנדפּונקט פון פּאָליטישער אַקציע,

זיי האָט מען ביטער באַקעמפט און מען האָט זיי גערופן „טראָבל־מאַכער" און „פּאַרעינערס".

די לעצטע עטלעכע יאָר, איז אין דעם פּרט פאָרגעקומען אַ גוואַלדיגע ענדערונג. די זעלבע יוניאָן־פירער, וואָס האָבן געווייכט פון פּאָליטישער אַקציע, זייגען היינט צו טאָג אַזוי פאַרקאָכט אין דעם, אַז זייער הויפּט טעטיגקייט איז קאָנצענטרירט אין דער ריכטונג און אַז זיי פאַרנאַכלעסיגן צוליב דעם די ברויט־און פּוטער־פראַגן אין די יוניאָנס.

אַ מוסטער פון דעם, האָט מען געזען ביי דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל לעידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן.

עס איז, למשל, אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד, אַז ניט געקוקט אויף אַלע באַרימערייען מצד די באַאַמטע, אַז די אינטערנעשאָנאַל איז גרויס און מעכטיג און אַז זי טוט אויף פאַר די מיטגלידער גרויסע זאַכן, זייגען די פאַרדינסטן פון די פרויען קליידער־אַרבעטער סיי אין ניו יאָרק און סיי אין אַוט אָוו טאַון גאָר קלאָגעדיג. מען האָט דעריבער געקאָנט דערוואַרטן, אַז ביי דער קאָנווענשאָן וועט דער טרויעריגער עקאָנאָמישער מצב פון די מיטגלידער געבראַכט ווערן צום אויסדרוק. עס וועט וועגן דעם פאָרקומען אַ דיסקוסיע און מען וועט געבן די דעלעגאַטן אַ מעגלעכקייט אַראָפּצורעדן זיך פון האַרצן.

אָבער אָנשטאָט צו באַהאַנדלען די פראַגע, ווי אַזוי צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די באַלמעלאָכעס און ווי אַזוי צו קריגן פאַר זיי העכערע שכירות, האָט מען ביי דער קאָנווענשאָן געשענקט זייער אַ סך אויפמערקזאַמקייט פּאָליטישע טעטיגקייטן. מען האָט וועגן דעם אָוועקגעגעבן אַ גאַנצן טאָג, און כדי מען זאָל ניט מיינען, אַז די קאָנצענטראַציע אויף פּאָליטישער טעטיגקייט קומט פון דער פירערשאַפט, האָט מען מאָביליזירט אַ גרויסע צאָל דעלעגאַטן פון פאַרשיידענע שטעט איבער'ן לאַנד, זיי זאָלן נעמען אַ וואָרט אין דער דיסקוסיע.

מען האָט אין דעם קאָנווענשאָן־זאַל אַוועקגעשטעלט פיר מיקראָפאָנען, און הינטער יעדער מיקראָפאָן האָבן זיך פאָרמירט „לאַינס", רייען פון דעלעגאַטן, וואָס האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט געשריבענע רעדעס.

יעדער אָנטיילנעמער אין דער דיסקוסיע האָט אָנגעהויבן זיין אָדער איר וואָרט מיט אַ לויב־געזאַנג פאַר די באַאַמטע — ווי גוט זיי זייגען און וואָס פאַראַ וואונדערלעכע אַרבעט זיי טוען אויפ'ן געביט פון פּאָליטישע פראַגן.

זאָג איך ניט, אַז פּאָליטישע אַקציע — און עס ווענדט זיך אויך וואָס פאַראַ סאָרט פּאָליטישע אַקציע — אין אַ יוניאָן איז ניט וויכטיג און אַז מען דאַרף זיך דערמיט ניט פאַרנעמען. אָבער דער אופן, ווי אַזוי דאָס איז געטאָן געוואָרן ביי דער קאָנווענשאָן איז געווען מעכאַניש, לויט אַ פון פאָראויס צוגעגרייטן פּלאַן און ווײַלן שאַפן דעם איינדרוק, אַז די רענק און פאַיל־דעלעגאַטן זייגען עס די, וואָס פירן אָן מיט דער פּאָליטישער טעטיגקייט און אַז

זיי זיינען עס די, וואָס באַשטימען די פּאָליטישע ריכטונג פון דער יוניאָן.

אַז די דיסקוסיע איז געווען אַ „געסטעידזשטע״, אַ רעזשיסירטע, איז גע־ווען צו זען פון דעם, וואָס דער נוסח פון די רעדעס פון די אָנטיילנעמער איז געווען ענלעך, ווי צוויי טראָפּן וואַסער און אַז דער לייט־מאָטיוו פון דעם, וואָס די רעדנער האָבן געזאָגט איז געווען, אַז די פּאָליטישע אַקציע פון דער אינטערנעשאָנאַל, אונטער דובינסקי׳ס פירערשאַפט, איז די בעסטע יוניאָן אין לאַנד.

אַז ניט אַלע דעלעגאַטן זיינען געווען פאַרכאַפּט פון דער חניפה־וואַק־כאַנאַליע פאַר די באַאַמטע, איז געווען צו זען פון דעם, וואָס איינער פון די דעלעגאַטן איז צו מיר צוגעקומען און געהאַט טענות פאַרוואָס עס איז ניטאָ ביי דער קאָנווענשאָן קיין דיסקוסיע וועגן דעם, ווי עס האַלט מיט די פאַר־דינסטן אין די שעפּער.

ער אַליין, האָט ער געזאָגט, אַרבעט אין אַ ניטגודס־שאַפּ און ער ווייסט, אַז עס איז דאָ אַ סך צרות אין די שעפּער פון דער פרויען־קליידער איג־דוסטריע. די ניט־קוואַליפיצירטע קלוירקס פון דיסטריקט 65, האָט ער גע־טענה׳ט, וואָס האָבן ניט לאַנג צוריק געסטרייקט, קריגן העכערע שכירות, ווי עס קריגן די דרעסמאַכער און קלאָוקמאַכער, וואָס זיינען פאַכלייט און אַר־בעטן שוין יאָרן־לאַנג אין פאַך.

דער דאָזיגער דעלעגאַט האָט מיר פאַרזיכערט, אַז ער איז ניט קיין לינ־קער און אַז די באַאַמטע פון זיין יוניאָן ווייסן עס — און דערפאַר איז ער אַ דעלעגאַט. אָבער דאָס, וואָס קומט פאַר ביי דער קאָנווענשאָן איז אים ניט צום האַרצן. מען הערט ניט, האָט ער געזאָגט מיט ביטערקייט, די שטים פון דעם אַרבעטער אין שאַפּ ביי דער קאָנווענשאָן. אַלץ ווערט צוגעשניטן פון פאָראויס, לויט די פּלענער פון די באַאַמטע, און די אַרבעטער האָבן לחלוטין קיין דעה ניט.

ווען איך האָב אָנגעוויזן אויף די „לאַינס״ לעבן די מיקראָפאָנען און אַ זאָג געטאָן: „ווי קאָנט איר זאָגן, אַז מען הערט ניט די שטים פון דעם שאַפּ ביי דער קאָנווענשאָן, אַז עטלעכע און צענדליג דעלעגאַטן האָבן זיך געמאָלדן צום וואָרט?״

„דאָס איז ניט מער ווי קאָמופלאַזש פאַר די רעפּאָרטערס פון די צייַ־טונגען, כדי זיי זאָלן קאָנען באַריכטן, אַז די יוניאָן פירט זיך דעמאָקראַטיש״, — האָט ער געענטפערט מיט כעס.

וואָס מען זאָל ניט זאָגן וועגן זיין באַשולדיגונג, דער פאַקט בלייבט, אַז די פירער פון דער יוניאָן האָבן געטאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך, כדי צו מאַכן אַן איינדרוק אויף דער עפנטלעכער מיינונג, אַז די אינטערנעשאָנאַל איז ממש אַן אָאַזיס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. מען האָט דאָרט גערעדט וועגן אַלץ אין דער וועלט — „בלויז״ וועגן דעם, אַז די „פּעי ענוועלאָפּס״ ווערן וואָס ווייטער אַלץ מאָגערער האָט מען אויסגעמיטן צו ריידן...

# די מורא פאַר דעם וואָרט „שלום"

אינטערעסאַנט איז, אַז פּונקט ווי מען האָט אויסגעמיטן צו ריידן וועגן דעם, ווי עס האַלט היינט צו טאָג מיט די פאַרדינסטן פון די אַרבעטער אין די שעפּער, האָט מען זיך ביי דער קאָנווענשאָן געהיט ניט צו דערמאָנען דאָס וואָרט „שלום". מען האָט דווקא ניט געזשאַלעוועט קיין שיין־קלינגענ־דיגע רייד וועגן דער מלחמה געגן אָרימקייט, וועגן דעם ווי לעבנס־וויכטיג עס איז דעמאָקראַטיע, ווי וויכטיג עס איז דער קאַמף פאַר ציווילע רעכט; וועגן דער געפאַר פון אויטאָמאַציע, וועגן „מעדיקעיר"; וועגן אַ מינימום־לוין פון צוויי דאָלאַר אַ שעה, און ווי שוין געזאָגט, וועגן פּאָליטישער אַקציע. אָבער די פראַגע פון שלום, פון ראַטעווען די וועלט פון אַטאָמישן קריג — אָט דאָס איז ביי דער קאָנווענשאָן געווען „טאַבו"; מען האָט עס ניט גע־טאָרט דערמאָנען.

ווען איך האָב איינעם פון די באַאַמטע געפרעגט: ווי קומט דאָס, וואָס ביי אַ קאָנווענשאָן פון אַזאַ מעכטיגער יוניאָן, ווי די א. ל. ג. וו. י. ווערט אַזוי דעמאָנסטראַטיוו איגנאָרירט די פראַגע פון שלום — בשעת עס לויערט די געפאַר פון מלחמה און ווען אָרנטלעכע מענטשן איבער גאָר דער וועלט האָבן שלאָפלאָזע נעכט צוליב דעם, איז זיין ענטפער געווען, אַז די שלום־באַוועגונג איז אַ „קאָמוניסטישע פאַרשווערונג" און ער האָט זיך דערביי ציניש צעשמייכלט.

דער פאַקט בלייבט, אַז דער ענין פון פרידן איז לחלוטין ניט געווען אויף דער טאָג־אָרדענונג ביי דער קאָנווענשאָן. עס איז קיין שום ספק ניט, אַז די דעלעגאַטן, ספּעציעל די וואָס זיינען געקומען פון די שעפּער, זיינען באַזאָרגט וועגן דער מלחמה־געפאַר, ניט ווייניגער, ווי אַלע אַנדערע אַר־בעטער, אָבער די וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער קאָנווענשאָן האָבן שוין געזען, אַז דאָס וואָרט שלום זאָל ניט אַרויסגעבראַכט ווערן פון די ליפּן. ווייל — ווי קאָן מען ריידן וועגן פרידן, ווען מען שטיצט די מלחמה־אַקציעס אין וויעטנאַם און אין סאַנטאָ דאָמינגאָ און מען באַצייכנט שלום־קעמפער אַלס „אַפּיזערס"?...

ווי שוין געזאָגט, האַלטן זיך די באַאַמטע פון דער א. ל. ג. וו. י. פאַר גרויסע ליבהאָבער פון דעמאָקראַטיע. זיי לאָזן ניט אַרויס דאָס וואָרט „דע־מאָקראַטיע" פון מויל. אָבער די זעלבע באַאַמטע האָבן אין דער יוניאָן אַנטוויקלט דעם „קולט פון יחיד" צו אַזאַ שטופע, אַז עס איז הימל און ערד און דובינסקי.

אין יעדער רעדע פון די באַריכט־אָפּגעבער זיינען געווען איינגעשלאָסן גרויסע פאַרציעס פון לויב־געזאַנג צו דובינסקי׳ן. אויב די א. ל. ג. וו. י. איז היינט צו טאָג דאָס וואָס זי איז, האָט מען דאָס צוגעשריבן צו דובינסקי׳ס קרעדיט. אויב די יוניאָן פאַרמאָגט 400 מיליאָן דאָלאַר אין די וועלפעיר־

פאָנדן, איז עס צו פאַרדאַנקען דובינסקי'ן. אויב די יוניאָן האָט אויסגעטיילט מיליאָנען דאָלאַר ביישטייערונגען צו פאַרשיידענע אינסטיטוציעס, איז עס צו פאַרדאַנקען דובינסקי'ן.

אַז דובינסקי האָט פיאיגקייטן איז קלאָר — הלוואי וואָלט ער זיי באַנוצט אַזוי, אַז די פאַרדינסטן פון די מיטגלידער זאָלן ניט זיין אַזעלכע קלאָגעדיגע. אַז ער האָט אַ סך ענערגיע, ניט געקוקט אויף זיינע 74 יאָר, איז אויך קלאָר. אָבער גלאָריפיצירן דובינסקי'ן אויף אַזאַ איבערטריבענעם אופן, ווי מען האָט דאָס געטאָן ביי דער קאָנווענשאָן, איז ניט נאָר געווען אין שלעכטן געשמאַק, זינלאָז, נאָר אויך שעדלעך פאַר דער יוניאָן גופא. עס שאַפט אַ צושטאַנד פון חניפה און צוויי־פּנים'דיגקייט: פון איין זייט שרייט מען „הוראַ" און פון דער אַנדערער זייט האַלט מען אַ פייג אין קעשענע...

אויף דער קאָנווענשאָן איז מיר אויסגעקומען צו הערן ניט איין צינישע באַמערקונג אויפ'ן חשבון פון „די. די" (דוד דובינסקי), טאַקע צוליב דעם שטראָם פון לויב־געזאַנג, וואָס האָט זיך געגאָסן פון דער אַרמיי משרתים און יוצר משרתים.

צי דובינסקי אַליין האָט אינספּירירט די חניפה־אַרגיעס, קאָן איך מיט באַשטימטקייט ניט זאָגן. אָבער אַז ער קאָן ניט פאַרליידן קיין טראָפּן קריטיק, דאָס ווייסן אַלע. דאָס איז צו זען פון זיינע אָפטע היסטערישע אויסברוכן, ווען עמיצער מאַכט אים אויפמערקזאַם אויף זיינער אַ האַנדלונג. דאָס איז אויך געווען צו זען פון דעם, ווי אַזוי ער האָט געפירט די קאָנווענשאָן מיט אַן אייזערנער האַנט.

## דובינסקי און די אַרבעטער־רינג היים

ווען עמיצער וואָלט געזאָגט, אַז עס וועט קומען אַ צייט, אַז דוד דובינסקי וועט באַשולדיגן די פירער פון דער אַרבעטער־רינג היים פאַר עלטערע מענטשן, אַז זיי פּראַקטיצירן ראַסן־דיסקרימינאַציע און אַז מען דאַרף זיי דערפאַר שטעלן מחוץ למחנה, וואָלט מען אים פאַרדעכטיגט, אַז דער מענטש רעדט פון היץ.

וואָס הייסט — דובינסקי וועט אַרויסקומען מיט אַזאַ ערנסטער באַשולדיגונג געגן אַן אינסטיטוציע צו וועלכער ער געהערט און וועמענס פירער זיינען זיינע פערזענלעכע און אידייאישע פריינט?! דאָס איז דאָך ממש פאַנטאַסטיש!

אָבער דאָס לעבן האָט, ווייזט אויס, אַ טבע אָפּצוטאָן שטוקעס. והא ראיה, אַזאַ זאַך האָט פּאַסירט ביי דער קאָנווענשאָן פון דער אינטערנעשאָנאַל לעידיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן.

יאָ, דובינסקי, וועלכער האָט זיך קונה שם געווען מיט זיינע העצעס געגן פּראָגרעסיווע טוער, מיט'ן געשריי „קאָמוניסטן", האָט דאָס מאָל, ווי

עס איז שוין געווען באַריכטעט, געצילט זיינע פיילן אין אַ „פאָרווערטס"־אינסטיטוציע. עס איז דעריבער ניט קיין וואונדער, וואָס זיין אַטאַקע אויף די פירער פון דער אַרבעטער רינג־היים האָט ביי דער קאָנווענשאָן געפּלאַצט ווי אַ באָמבע און פאַראורזאַכט אַ סענסאַציע, וואָס האָט די דעלעגאַטן ממש פריטשמעליעט.

אַז צווישן דובינסקי'ן און די פירער פון דער אַרבעטער רינג־היים איז דורכגעלאָפן אַ שוואַרצע קאַץ, האָט מען געוואוסט פון דעם באַריכט, פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיוו־באָאַרד, וואָס איז אויסגעטיילט געוואָרן צו די דע־לעגאַטן. אָבער אַז דער ריס און די ביטערקייט צווישן די צוויי צדדים זאָל זיין אַזוי שאַרף, האָט מען ניט געוואוסט.

ערשט ווען דובינסקי האָט פאָרגעשטעלט דעם פּרעזידענט פון אַרבע־טער רינג, דזשעיקאָב זוקערמאַן, צו האַלטן אַ רעדע ביי דער קאָנווענשאָן, האָבן די דעלעגאַטן געקראָגן אַ באַגריף ווי עס האַלט מיט דעם סכסוך צווישן דובינסקי'ן און די פירער פון דער אַרבעטער רינג־היים.

דובינסקי, זייענדיג דער שטענדיגער פאָרזיצער פון די קאָנווענשאָן־זי־צונגען, האָט זיך כסדר געפירט, אַז יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט פאָרשטעלן אַ גאַסט־רעדנער, פלעגט ער האַלטן אַ גרויסע הקדמה (האַקדאָמע) און דערנאָך פלעגט ער מאַכן קאָמענטאַרן נאָך דער רעדע פונ'ם גאַסט־רעדנער. דאָס זעלבע האָט אויך פּאַסירט, ווען ער האָט פאָרגעשטעלט זוקערמאַנ'ען.

עס איז שוין אַ לענגערע צייט, האָט דובינסקי אָנגעהויבן זיין הקדמה, ווי ער „שוואַנגערט" מיט אַן אָנגעווייטאָגטן ענין, וואָס מוז, ווי ער האָט געזאָגט, אויסגעדרעאָשן ווערן עפנטלעך, ווייל מען טאָר עס מער ניט פאַרשווייגן און ווייל מען דאַרף דעם דאָזיגן געשוויר אויפרייסן.

ער ווייסט, האָט דובינסקי פאָרגעזעצט, אַז דאָס איז אַ פיינלעכע גע־שיכטע. אָבער דורך פאַרשווייגן עס, האָט ער געזאָגט, וועט מען די דאָזיקע פּראָבלעם ניט לייזן.

קאָנקרעט האַנדלט זיך עס וועגן דעם, וואָס דער אַרבעטער רינג, צו וועלכן ער געהערט זינט ער איז אין אַמעריקע — אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געקומען צום לעבן אין 1900, פּונקט אין דעם יאָר, ווען די א. ל. ג. וו. י. איז אָרגאַניזירט געוואָרן, פּראַקטיצירט ראַסן־דיסקרימינאַציע.

דובינסקי האָט דעריבער געשילדערט די גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי עס איז געקומען דער ריס צווישן די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל און די באַ־אַמטע פון דער אַרבעטער רינג־היים.

ער האָט דערציילט, ווי אַזוי די אינטערנעשאָנאַל האָט אינוועסטירט נאָ־ענט צו צוויי מיליאָן דאָלאַר, כדי אויפצובויען אַ פליגל אין דער אַרבעטער רינג־היים פאַר „ריטאַיערטע" מיטגלידער פון דער יוניאָן.

די פאַרשטענדיגונג מיט די באַאַמטע פון דער אַרבעטער רינג־היים איז

געוועזן, אַז „ריטאַיערטע״ מיטגלידער פון דער אינטערנעשאַנאַל דאַרפן אַרײַנ־גענומען ווערן אין דער אינסטיטוציע אָפּגעזען פון ראַסע, קאָליר און נאַציאָ־נאַלע אָנגעהעריגקייט. אָבער ווען אַ צאָל מיטגלידער פון דער יוניאָן, צווישן זיי איניגע איטאַליענער, נעגער און פּאָרטאָריקאַנער האָבן אַרײַנגעגעבן אַפּ־ליקאַציעס, אַז מען זאָל זיי אַרײַננעמען אין דער אַרבעטער רינג־היים האָט מען זייער פאַרלאַנג צוריקגעוויזן.

ווי דובינסקי האָט דערקלערט, האָט ער געמאַכט ווען דעם אַ סקאַנדאַל. ער האָט גערופן די פירער פון דער אַרבעטער רינג־היים און פון זיי געפאָ־דערט דין וחשבון. ער האָט זיי באַשולדיגט אין ברעכן דעם אָפּמאַך מיט דער יוניאָן. ער האָט, — האָט ער געזאָגט, — גערעדט צו זיי מיט גוטן און מיט בייזן. ער האָט זיי געפרעגט: סטייטש, וואו איז יושר? איר האַלט זיך דאָך עפּעס פאַר סאָציאַליסטן און ליבעראַלן, איר האָט דאָך אַמאָל גע־קערט ווערלטן געגן די, וואָס פאַרנעמען זיך מיט ראַסן־האַס און פעלקער־שנאה! אָבער זיי, די באַאַמטע פון דער אַרבעטער רינג־היים, האָט ער גע־זאָגט, האָבן זיך אויסגעלאַכט פון אַלע זיינע מוסר־רייד און פון אַלע זיינע אַרגומענטן.

זייער טענה, האָט דובינסקי געזאָגט, איז געוועזן און איז, אַז אויב מען וועט אַרײַננעמען ניט־אידן אין דער אַרבעטער רינג־היים, וועט געענדערט ווערן דער כאַראַקטער פון דער אינסטיטוציע און עס וועט ווערן אַ סוף פון דעם אַרבעטער־רינג אַלס אַ אידישער פראַטערנאַלער אָרדן.

ווי דובינסקי האָט דערקלערט, האָט ער זיי געזאָגט, אַז עס האַנדלט זיך ניט וועגן ענדערן דעם כאַראַקטער פון דער אַרבעטער רינג־היים מיט דעם, וואָס מען וועט אַרײַננעמען זיבן ניט־אידישע מיטגלידער (יאָ, עס האָט זיך גע־האַנדלט בלויז וועגן זיבן ניט־אידן). דערפון וועט די אינסטיטוציע ניט ווערן „פאַר׳גוי׳עשט״. עס גייט אין דעם, האָט ער געזאָגט, אַז אַזאַ אָרגאַ־ניזאַציע, ווי דער אַרבעטער רינג, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אויף די יסודות פון ליבעראַלע פּרינציפּן און אידייען, טאָר ניט פּראַקטיצירן קיין ראַסן־דיסקרימינאַציע.

דער אַרגומענט פון די באַאַמטע, האָט דובינסקי ווייטער געזאָגט, איז געוועזן, אַז „אויב מען וועט אַרײַננעמען די עטלעכע ניט־אידן וועלן די אַנ־דערע אידישע מיטגלידער ניט קאָנען עסן קיין כשר׳ע קישקע און געפילטע פיש. דאָס איז אָבער ניט מער ווי אַן אויסרייד, וואָס שמעקט מיט ראַסיזם און וואָס מאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט די טראַדיציעס פון דעם אַרבעטער רינג״.

דובינסקי האָט וועגן דעם גערעדט מיט זייער אַ סך צאָרן. ער האָט גע־קלאַפּט אין טיש און געזאָגט די פירער פון דער אַרבעטער רינג־היים, אַז זיי דאַרפן זיך שעמען אין זייער וייטן האַלז אַריין צו האַנדלען אַזוי מיאוס, אין דער צייט, ווען עס קומען פאָר אַזעלכע קאַמפן פאַר ציווילע רעכט און געגן ראַסן־דיסקרימינאַציעס, ווי עס איז געוועזן דער מאַרש אויף וואַשינג־

טאָן, דער מאַרש פון סעלמאַ קיין מאָנטגאָמערי און די אַנדערע דעמאָנסטראַ־ציעס איבער דער לענג און ברייט פון לאַנד.

דובינסקי האָט אויפגעוואורפן די פירער פון דער אַרבעטער רינג־היים, אַז זיי זיינען ווייניגער טאָלעראַנט, ווי עס זיינען די אָרטאָדאָקסישע אינסטי־טוציעס. ער האָט געפרעגט מיט כעס די פירער פון דער אַרבעטער רינג־היים: וואָס איז געוואָרן פון זייערע אַמאָליגע אידעאַלן? וואָס איז געוואָרן פון זייער אַמאָליגן גלויבן און פון זייער פרעדיגן, אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך? אַז ווייסע, שוואַרצע, געלע און ברוינע זיינען אַלע ברידער? וואָס איז געוואָרן פון זייער גלויבן אין סאָציאַליזם?

אָט־די שאַרפע באַשולדיגונג האָט דובינסקי געמאַכט פונקט דאַן, ווען אויף דער קאָנווענשאָן־פּלאַטפאָרמע איז געזעסן פיליפּ רענדאָלף, פּרעזידענט פון דער סליפּינג קאַר פּאָרטערס יוניאָן און איינער פון די באַרימטע נע־גערשע פירער אין לאַנד. אַזוי שטאַרק האָט זיך דובינסקי געקאָכט געגן די באַאַמטע פון דער אַרבעטער רינג־היים, אַז די דעלעגאַטן זיינען געזעסן ווי צוגעשמידטע צו זייערע פּלעצער. יעדער איינער האָט געפילט, אַז דובינסקי האָט דאָ אָנגערירט אַ זייער ווייטאָגדיגן עניין, ווען ווען ווען ועלכן עס איז אפילו ניט שיין צו ריידן, ווייל עס האַנדלט זיך וועגן אַן אינסטיטוציע, וואָס דובינסקי איז מיט איר פאַרבונדן זיין גאַנצן לעבן. עס איז פונקט ווי אַ טאַטע, וואָס האָט פּלוצלינג אַנטדעקט, אַז זיין בן יחיד אויף וועמען ער האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען, איז אַרונטער פון דרך הישר, און געוואָרן אַ פּאַסקוד־ניאַק...

עס איז איבעריג צו זאָגן, אַז זוקערמאַן דער פּרעזידענט פון אַרבעטער רינג, האָט זיך געפילט זייער ניט באַקוועם פון דובינסקי'ס פאַרניכטענדיגער אָנקלאַגע. זיין הויפּט־פאַרטיידיגונג איז געווען, אַז די אַרבעטער רינג־היים איז אַן אויטאָנאָמע אינסטיטוציע און אַז די פירער פון אַרבעטער רינג קאָנען גאָרנישט טאָן צו דעם.

אָבער דאָס איז ניט מער ווי אַ תירוץ, האָט מיר געזאָגט איינער פון די דעלעגאַטן ביי דער קאָנווענשאָן. די פירער פון דער א. פ. אָוו ל.־סי־אַי־אָ, האָט ער געזאָגט, נוצט אויך דעם זעלבן אויסרייד, יעדעס מאָל, ווען עס ווערט אויפגעדעקט, אַז באַאַמטע פון אַ לאָקאַל צעטרענצלען יוניאָן־פאָנדן און נוצן אויס די יוניאָן פאַר זייערע פּערזענלעכע אינטערעסן: דער תירוץ, אַז די פירער קאָנען זיך ניט מישן אין די אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן, קאָן ניט גע־נומען ווערן ערנסט.

דער פאַקט איז, אַז די זעלבע פירער פון דער א. פ. אָוו ל.־סי־אַי־אָ רע־כענען זיך זייער ווייניג מיט דער אויטאָנאָמיע, ווען זיי „אַנטדעקן" אַז דער אָדער יענער באַאַמטער איז, ווי זיי רופן אַ „קאָמוניסט". דאַן פייפט מען מיט גרויס דרך־ארץ אויף דער קאָנסטיטוציע מיט אירע רעגולאַציעס.

אויך דאָ איז די זעלבע געשיכטע. ווען די פירער פון אַרבעטער רינג

וואָלטן געגומען ערנסט די קלאַגע פון ראַסן־דיסקרימינאַציע, וואָלטן זיי שוין געפונען מיטלען, ווי אַזוי אַריינצומישן זיך אין דעם ענין.

אַז ניט אַלע באַאַמטע פון דער א. ל. ג. וו. י. נעמען זיך צום האַרצן פון דעם, וואָס אין דער אַרבעטער רינג־היים ווערן ניט אַריינגענומען קיין נע־גערס און פּאָרטאָ ריקאַנער איז צו זען פון דעם, וואָס הערי פישער, מענעד־דזשער פון קלאָוק פינישערס לאָקאַל 9, איז געווען געצוואונגען צו רעזיג־נירן אַלס פּרעזידענט פון דער אַרבעטער רינג־היים. ער האָט ניט געהאַט קיין חשק אויפצוגעבן דעם אַמט און דובינסקי האָט אים דערפאַר שאַרף קריטיקירט.

דער ענין איז ניט נאָר פּיינלעך, נאָר אויך סענסאַציאָנעל, ווייל עס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס דובינסקי טרעט אַרויס אַזוי שאַרף געגן אַ „פאָר־ווערטס״־אינסטיטוציע. וואָס איז שייך דובינסקי׳ס טענות צו די באַאַמטע פון דער אַרבעטער רינג־היים פאַרוואָס זיי האַנדלען אַזוי מיאוס, — און עס איז ניט געקומען אַזוי פּלוצלינג און זיי זיינען אויך ניט די איינציגע. אין „פאָרווערטס״, וואָס איז דער אָרגאַן פון אַרבעטער רינג און אויך פון דו־בינסקי׳ן, האָט מען ניט איינמאָל געדרוקט בריוו פון לייענער, וואָס זיינען געווען ניט ווייניגער ראַסיסטיש און העסלעך, ווי עס זיינען די האַנדלונגען פון די פירער פון דער אַרבעטער רינג־היים.

דאָס טרעט מיט די פיס אויף די פּרינציפּן און אידעאַלן פון אַמאָל איז ביים „פאָרווערטס״ געוואָרן אַן „אויסגעהאַלטענע״ פּאָליטיק און די אַנטי־קאָמוניסטישע משוגעת האָט געפירט צו דעם. אָבער — קאָן דובינסקי אַליין זאָגן — אַז ער איז פריי פון דער משוגעת?

## וואָס ווייזט דער סך הכל?

אין איינעם פון מיינע אַרטיקלען וועגן דער קאָנווענשאָן פון דער אינ־טערנעשאָנאַל לעידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן, האָב איך אָנגעוויזן, אַז לויט אירע כוחות און מעגלעכקייטן און לויט איר איינפלוס אין לאַנד האָט די דאָזיגע יוניאָן געקאָנט זיין אַ קוואַל פון אינספּיראַציע און אַ וועגווייזער־ין פאַר אַנדערע יוניאָנס אין לאַנד.

אָבער זי איז דאָס ניט און זי קאָן דאָס ניט זיין, כל־זמן די פירער פון דער אינטערנעשאָנאַל וועלן זיין אויף דער זייט פון די מלחמה־העצער און אויף דער זייט פון די, וואָס אין נאָמען פון אַנטי־קאָמוניזם זיינען זיי גרייט צו דערטרינקען די וועלט אין בלוט.

די אַנטי־קאָמוניסטישע משוגעת, מיט וועלכער די פירער פון דער א. ל. ג. וו. י. זיינען דורכגעדרונגען, טרייבט זיי אין די אָרעמס פון די בויר־טשעס און פון די אולטראַס, כאָטש זיי זוכן פון זיי זיך אָפּצוגרעניצן און האָבן

אפילו אָנגענומען ביי דער קאָנווענשאָן געגן זיי רעזאָלוציעס. אָבער אַזוי איז שוין דער אומפאַרמיידלעכער גאַנג פון די, ביי וועמען רויט־יעגעריי ווערט אַן עיקר־זאַך. עס איז ווי דער פסוק זאָגט: „החילות לנפול נפל תיפּול" (אַז מען הויבט אָן פאַלן, פאַלט מען ביז אַרונטער). און ווייל רויט־יעגעריי איז געוואָרן אַ מין „אַני מאמין" פון דער פירערשאַפט, האָט עס געמוזט פירן צו דעם, אַז אָנשטאָט די קאָנווענשאָן זאָל האַנדלען וועגן דעם, וואָס עס קומט־פאָר אין די שעפער, אָנשטאָט דעם, מען זאָל געפינען וועגן און מיטלען, ווי אַזוי צו פאַרבעסערן די צרה'דיגע לאַגע פון די אַרבעטער, האָט מען גע־שטעלט דעם הויפּט־טראָפּ אויף קאַלטע מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע.

אָט, למשל, האָט דער ניו יאָרקער דרעס דזשאָינט קאָונסיל באַשטימט אַ באַרימטן עקאָנאָמיסט אין דער פּערזאָן פון לעאָ קאַיזערלינג, אַז ער זאָל מאַכן אַן אויספאָרשונג וועגן דעם, וואָס עס קאָן געטאָן ווערן, כדי צו לייזן די פּראָבלעמען, וואָס מאַטערן די פרויען קליידער־אַרבעטער.

די יוניאָן האָט פאַר דעם צוועק אויסגעגעבן איבער הונדערט טויזנט דאָלאַר. נאָכדעם ווי מר. קאַיזערלינג האָט פאַרענדיגט זיין שטודיע, האָט ער פעסטגעשטעלט — דאָס וואָס מען האָט שוין לאַנג געוואוסט — אַז די פאַרדינסטן פון די פרויען־קליידער־אַרבעטער זיינען די לעצטע יאָרן שטאַרק געפאַלן און אַז די אַרבעטער פון די אַנדערע פאַכן קריגן העכערע שכירות, ווי עס קריגן די מיטגלידער פון דער א. ל. ג. וו. י. ער האָט אויך פעסט־געשטעלט, אַז בעת די פּראָדוקטיוויטעט פון די פרויען־קליידער־אַרבעטער האַלט אין שטייגן, האַלטן זייערע שכירות אין פאַלן.

מען האָט דעריבער געקאָנט דערוואַרטן, אַז ביי דער קאָנווענשאָן וועט דער קאַיזערלינג־באַריכט גרינטלעך דיסקוטירט ווערן און עס וועלן אויפ'ן גרונט פון דעם געמאַכט ווערן די נויטיגע אויספירן.

ווי אויף יוצא־צו־זיין, האָט מען אין דעם באַריכט פון דער דזשענעראַל עקזעקוטיוו־באָאַרד פאַרבייגייענדיג געמאַכט עטלעכע באַמערקונגען וועגן דעם — און ניט מער. עס שטעלט זיך אומפאַרמיידלעך די פראַגע: פאַרוואָס האָבן די פירער פון דער יוניאָן ניט געפונען פאַר נויטיג צו דיסקוטירן דעם קאַיזערלינג־באַריכט ביי דער קאָנווענשאָן? פאַרוואָס האָט מען עס אויסגע־מיטן?

דער ענטפער איז זייער אַ פשוט'ער: מען האָט געוואָלט באַהאַלטן פון דער עפנטלעכער מיינונג דעם אמת וועגן דער טרויעריגער לאַגע פון די באַלמעלאָכעס אין די שעפער פון דער קלאָוק און דרעס־אינדוסטריע.

ווען די באַאַמטע וואָלטן צעגלידערט די אַלע פאַקטן, וואָס דער קאַיזער־לינג־באַריכט האָט אַרויסגעבראַכט, און ווען די דעלעגאַטן קריגן אַ מעג־לעכקייט צו דיסקוטירן די לאַגע פון די אַרבעטער אין די שעפער, וואָלט דובינסקי זיך ניט געקאָנט רימען מיט זיינע גוואַלדיגע אויפטואונגען און די געסט־רעדנער, וועמען די פירער האָבן איינגעלאַדן צו אַדרעסירן די קאָנ־

ווענשאַן, וואָלטן פון דער פּלאַטפאָרמע ניט געקאָנט באַצייכענען די א. ל. ג. וו. י. אַלס די „פּיינסטע און פּראָגרעסיווסטע יוניאָן אין לאַנד“.

ווען די באַאַמטע וואָלטן דערלאָזט, אַז די דעלעגאַטן זאָלן אַרויסטראָגן אויף דער גאַס די קלאָגעדיגע מערכה פון די פרויען־קליידער־אַרבעטער, וואָלט דובינסקי ניט געקאָנט ריידן אַזוי דרך־ארץ׳דיג וועגן דער גרויסער צאָל באַסעס, וואָס זיינען איינגעלאַדן געוואָרן אַלס געסט פון דער קאָנווענשאַן.

ווי איך האָב שוין באַריכטעט, איז איין זיצונג ביי דער קאָנווענשאַן געווען געווידמעט די פאַרטרעטער פון גרויסע פירמעס. דובינסקי האָט יעדן איינעם פון זיי געגעבן אַן „עליה“, בעת ער האָט זיי אַרויסגערופן אויף דער בינע. שטעלט אייך פאָר, ווי אַזוי וואָלטן די דאָזיגע באַלעבאַטים געפילט, ווען דעלעגאַטן נעמען דאָס וואָרט און דערציילן, אַז נאָך אַ וואָך שווערער פּראַצע גייט מען אַוועק מיט מאָגערע שכירות און מען קאָן קיין לעבן ניט מאַכן.

האָבן די באַאַמטע געטאָן דאָס, וואָס מען טוט געוויינלעך אין אַזעלכע פאַלן: מען האָט די קאָנווענשאַן אַוועקגעפירט אויף אַנדערע רעלסן. אַנ־שטאָט צו דיסקוטירן טרעיד־פראַגן, האָט מען גערעדט וועגן מלחמה אין וויעטנאַם, וועגן סאַנטאָ דאָמינגאָ, וועגן קובאַ, וועגן די אַזוי־גערופענע „פרייע יוניאָנס“, וועגן דעם בלבול פון „סאָוועטישן מלוכה־אַנטיסעמיטיזם“, און וועגן אַלע אַנדערע ענינים פון דעם מין. דאָס זיינען אַלץ געגנשטאַנדן, וואָס לאָזן זיך אָנהעצן; עס גיט אַ מעגלעכקייט צו שאַפן היסטעריע, הו־האַ און בייז־בלוט.

אַ סך פון די באַאַמטע, וואָס טוען זייער ווייניג אין פּרט פון באַשיצן די אינטערעסן פון די אַרבעטער, זיינען אָבער גוואַלדיגע מאַידימס, ווען עס קומט צו פאָכען מיטן „רויטן הערינג“ און צו שפּילן די ראָל פון סופּער־פּאַטריאָטן. ווען מען האָט ביי דער קאָנווענשאַן דיסקוטירט דאָס צעטל קאַלטע מלחמה־רעוואָלוציעס האָבן זיך די דאָזיגע מענטשן אַרויפגעוואָרפן אויף דעם מיט אַזאַ ברען, ווי זיי וואָלטן געגאַנגען אויף „קידוש השם“...

ספּעציעל נאָך, ווען פון „ווייסן הויז“ האָט מען געלאָזט וויסן, אַז מען איז צופרידן מיט דער אַטאַקע, וואָס דובינסקי האָט געמאַכט אויף די ליבעראַלן, פאַרוואָס זיי פאָדערן אַ סוף צו דער מלחמה אין וויעטנאַם. די פרייד פון די באַאַמטע איז צוליב דעם געווען זייער גרויס. עפּעס אַ קלייניגקייט — די מלוכה אַליין אַפּלאָדירט דובינסקי׳ס האַנדלונגען.

אין דעם פּרט האָבן די פירער פון דער אינטערנעשאַנאַל באַוויזן „אויפ־צוטאָן“ זייער אַ סך ביי דער קאָנווענשאַן. זיי זיינען פאַר זייער שטעלונג באַ־גריסט געוואָרן דורך דעם וויצע־פּרעזידענט האַמפרי, דורך דעם סעקרעטערי אָוו לעיבאָר ווילאַרד וואָירץ, דורך דעם רעפּובליקאַנער סענאַטאָר דזשעיקאָב דזשאַוויץ און אַנדערע אָנגעזעענע מלוכה־פירער.

אָבער די פירער פון דער יוניאָן האָבן צוליב זייער פּאַרקאַכטקייט אין

דער קאַלטער מלחמה איגנאָרירט די ווייטאָגדיגע פּראָבלעמען פון די אָר־בעטער אין די שעפּער.

עס איז אמת, ווי עס איז שוין געווען אָנגעוויזן, אַז די קאָנווענשאָן האָט אָנגענומען אַזעלכע רעזאָלוציעס, ווי למשל, מען זאָל איינפירן אַ מינימום־לוין פון צוויי דאָלאַר אַ שעה, אַ קירצערע אַרבעטס־וואָך פון 35 שעה, מען זאָל אָפּשאַפן דעם „סעקשאָן 14־בי״ פון טאַפט־האַרטלי געזעץ און אַנדערע רעזאָלוציעס פון דעם סאָרט, וואָס זיינען זיכער זייער וויכטיג און קיינער טאָר זיי ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. אָבער דערמיט, וואָס די קאָנווענשאָן האָט זיך געשטעלט מיט ביידע פיס אין מלחמה־לאַגער און געגעבן איר גוט־הייסונג צו די אַגרעסיווע אַקציעס פון פּענטאַגאָן אין וויעטנאַם, אין סאַנטאָ דאָמינגאָ און אין אַנדערע טיילן פון דער וועלט, האָבן זיי אָפּגעשוואַכט די באַדייטונג פון די רעזאָלוציעס וועגן אַ העכערן מינימום לוין און מיט דעם געמאַכט שווערער, אַז זיי זאָלן אָנגענומען ווערן, ווייל מלחמה־היסטעריע צווינגט מען זאָל ברויט־און פּוטער־פראַגן פאַררוקן אין אַ זייט. אָט אין דעם באַשטייט דער פאַרברעכן פון די פירער פון דער א. ל. ג. וו. י.

מיט דעם, וואָס זיי האָבן אָנגענומען דעם גאָלדוואָטער־שטאַנדפּונקט אין דער פראַגע פון אויסערן־פּאָליטיק, האָבן זיי מיט זייערע אייגענע הענט געמאַכט צונישט דאָס צעטל רעזאָלוציעס, וואָס דאַרפן זיין אין די אינטערעסן פון פאָלק.

די קאָנווענשאָן האָט, למשל, גוטגעהייסן אַ רעזאָלוציע, אַז די עלטער־פּענסיע פון קלאָוקמאַכער זאָל געהעכערט ווערן פון 65 אויף 70 דאָלער אַ חודש, און די עלטער־פּענסיע פון דרעסמאַכער — פון 50 אויף 60 דאָלאַר אַ חודש. איז אַ העכערונג פון פינף און צען דאָלאַר אַוודאי בעסער ווי גאָר־נישט, אָבער מיר וויסן פון יוניאָנס, וואָס פאַרמאָגן אַ סך ווייניגער ווי פיר הונדערט מיליאָן דאָלאַר אין זייערע וועלפעיר־פאָנדן און דאָך קריגט מען דאָרט העכערע צאָלונגען, ווי אין דער א. ל. ג. וו.י. פאַרוואָס?

דוד דובינסקי האָט געהאַלטן אין איין באַרימען זיך, אַז די יוניאָן שטיצט מיט הונדערטער טויזנטער דאָלאַר אַ יאָר פאַרשיידענע אינסטיטוציעס. איז געבן צדקה טאָקע זייער אַ פיינע מידה. אָבער געבן צדקה אויף יענעמס חשבון איז, בדרך־כלל, גאָרניט אַזאַ פיינע מידה. עס איז באַוואוסט, אַז די באַאַמטע גיבן אָפּט ביישטייערונגען פאַר אַזעלכע צוועקן, פאַר וועלכע די אַרבעטער זיינען קנאַפּ וואָס באַגייסטערט. ווען מען פרעגט זיי, וואָלטן זיי זיכער ניט געגעבן צו דעם זייער גוטהייסונג; אָבער דובינסקי רעכנט זיך ניט מיט אַזעלכע זאַכן. ער האָט זיך אַליין באַשטימט אַלס פילאַנטראָפּ און פּסק'נט וועמען יאָ און וועמען ניט צו געבן.

אַז מען רעדט וועגן פילאַנטראָפּיע, איז כדאי אָנצוּווייזן אויף נאָך עפּעס, וואָס די קאָנווענשאָן האָט צוריקגעוויזן, ניט־געקוקט אויף דעם, וואָס מאַסן מיטגלידער פאָדערן עס.

שוין עטלעכע יאָר, ווי „ריטאַיערטע״ קלאָוקמאַכער און דרעסמאַכער פאַר־לאַנגען, אַז מען זאָל זיי לאָזן אַרבעטן אין פאַך צו מאַכן די 12 הונדערט דאָלאַר אַ יאָר, וואָס דער „סאָשל סעקיוריטי״־געזעץ דערלויבט, כדי צו קאָנען זיך אַן עצה געבן מיט זייערע אויסגאַבן. אָבער די קאָנווענשאָן האָט דאָס צוריק־געוויזן.

געווען אויך ביי דער קאָנווענשאָן אַ רעזאָלוציע, אַז פרויען־אַרבעטער זאָלן קאָנען „ריטאַיערן״ צו 62 יאָר, ווי עס דערלויבט די רעגירונג; אָבער די קאָנווענשאָן האָט דאָס צוריקגעוויזן. געווען אויך אַ רעזאָלוציע, אַז אַ מיט־גליד, וואָס האָט אָפּגעאַרבעט 10 צי 15 יאָר אין טרעיד, זאָל זיין באַרעכטיגט צו קריגן אַ באַשטימטן טייל עלטער־פּענסיע, אָבער די קאָנווענשאָן האָט דאָס צוריקגעוויזן. היינט־צו־טאָג איז מען באַרעכטיגט צו עלטער־פּענסיע ווען מען אַרבעט אין טרעיד 20 יאָר כסדר אָן אַן איבעררייס. אויב אָבער מען פאַלט־אַרויס פון דער אַרבעט צוליב אַ באַשטימטער סיבה צוויי, צי דריי יאָר — איז אפילו ווען מען אַרבעט 18 יאָר, קריגט מען גאָרנישט. די מיטגלידער האַלטן, אַז אַזאַ צוגאַנג איז ניט יושר׳דיג און אפילו סקאַנדאַליעז. אָבער די באַאַמטע פון דער א. ל. ג. וו. י. טענה׳ן, אַז געזעץ איז געזעץ, און מען קאָן גאָרנישט טאָן צו דעם.

עס איז קיין שום ספק ניט, אַז ווען די פירער פון דער יוניאָן וואָלטן זיך געזאָרגט פאַר די באַדערפענישן פון די מיטגלידער פון דעם זעלבן ברען, ווי זיי זאָרגן זיך פאַר דער „באַדערפעניש״ פון דער קאַלטער מלחמה, וואָלטן זיי געגעבן זייער גוטהייסונג צו די דערמאָנטע רעזאָלוציעס.

ניין, די 32טע קאָנווענשאָן פון דער א. ל. ג. וו. י. איז ניט געווען אין די בעסטע אינטערעסן פון די מיטגלידער און פון די אַרבעטער אין לאַנד בכלל. די פירער פון דער יוניאָן מיט דובינסקי׳ן בראש וועלן סוף־כל־סוף מוזן קומען צום גוט־באַקאַנטן כלל, אַז מען קאָן ניט נאַרן די גאַנצע וועלט די גאַנצע צייט און אַז מיט אויפגעבלאָזענע געקינסטלטע געשיכטעס וועגן דעם, ווי גרויס, ווי רייך און ווי מעכטיג די יוניאָן איז, קאָן מען קיין צוקונפט ניט בויען. די שטאַרקייט פון אַ יוניאָן ליגט אין דער געטריישאַפט פון די מיט־גלידער, און ניט אין דער אינוועסטירונג פון ווערט־פּאַפּירן...

# אינפאָרמאַציע

די „מאָרגן פרייהייט" איז אַ טעגלעכע אידישע צייטונג. יעדן זונטאָג דערשיינט די „מאָרגן פרייהייט" אין אַ ספּעציעל פאַרגרע־סערטער אויסגאַבע פון 16 זייטן מיט אָפּטיילונגען וועגן דער טרעיד יוניאָן באַוועגונג, ליטעראַטור, פאַמיליע און 2 זייטן אין ענגליש.

מען קאָן די „מאָרגן פרייהייט" אויסשרייבן פאַר יעדן טאָג און מען קאָן אויך אויסשרייבן בלויז די זונטאָגדיגע אויסגאַבע. מען קאָן די „מאָרגן פרייהייט" אויך קריגן אויף די סטענדס אין אַלע גרע־סערע שטעט פון לאַנד.

די „מאָרגן פרייהייט" פאַרמאָגט אירע אייגענע קאָרעספּאָנדענטן אין מדינת ישראל, פּוילן, סאָוועטן־פאַרבאַנד, פראַנקרייך, מזרח און מערב־דייטשלאַנד און אַ גאַנצער ריי אַנדערע לענדער איבער דער וועלט.

די „מאָרגן פרייהייט" פאַרמאָגט אַ בוך־האַנדלונג, וואו מען קאָן קריגן אידישע ביכער פון אַמעריקע, קאַנאַדע, ארגענטינע, סאָוועטן־פאַרבאַנד, פּוילן, רומעניע, ישראל און פראַנקרייך.

**אויב איר ווילט זיך באַקענען מיט דער „מאָרגן פרייהייט" פילט אויס דעם קופּאָן און שיקט אים אונז צו.**

MORNING FREIHEIT

35 E. 12th St., New York 3, N. Y.

**פאַרוואַלטונג „מאָרגן פרייהייט"**

זייט אַזוי גוט און שיקט מיר אייער זונטאָגדיגע אויס־גאַבע פאַר אַ מאָנאַט פריי.

*Name* ........................................

*Address* ........................................

*City* ........................................ Zone State